MORRIS ROSENFELD'S
SELECTED WORKS :: Vol. I.

# געזאַמעלטע שריפטען

פון

מאָררים ראָזענפעלד



ערשטער באנד

פאָעזיע

ארויסגעגעבען פון „פאָרווערטס"
173-175 איסט בראָדוויי
ניו יאָרק, 1912.

# אינהאַלטס-פּערצייכנים

## אידישע שטימען



## לעגענדען



## ונתנה תוקף

## פערשיעדענע געזאַנגען

## ליעבע



## פאַבעלען

# פאַרוואָס איך בין איך

אַלס ארבייטער

שטעה אויף, אָ, מוזע! זינג מיין ראַנג;
מיין ווערטה ביי אידען און ביי שקלאַפּען!
בעלייכט דעם קוואַל פון מיין געזאַנג!
ענטפּלעק די סודות פון מיין שאַפען!

דערצעהל דער וועלט און זאָג איהר אָן!
זי זאָל דעם גרויסען אמת וויסען:
ווי יעדער קלאַנג, ווי יעדער טאָן
עס האָט זיך פון מיין ברוסט געריסען.

ערקלער פאַרוואָס איך האָב געוויינט!
זאָג אוים פאַרוואָס איך פלעג זיך פרייען!
דען דו נור האָסט אין מיר פעראיינט
די גרעסטע פריידען און די וועהען.

דערצעהל פון וואו עס שטאַמט מיין כעס
און וואָס עס האָט מיך אָפט ערביטערט,
אַז ניט קיין שטימונגס־משוגעת
האָט מיך גערייצט און אויפגעציטערט.

איך האָב געטריי געפאָלגט דיין רוף,
מיין הימעלס הייליגע נחמה! —

עס האָט נאָך קיינמאָל ניט דער גוף
בעהערשט דעם שוואונג פון מיין נשמה.

איך האָב פיעל שמערצען דורכגעלעבט,
בין מאַנכע פריידען דורכגעגאַנגען,
און שטענדיג האָט מיין גייסט געוועבט
די ריינסטע, הארציגסטע געזאַנגען.

איך בין געבליעבען איך אליין
אַט וואו דער שיקזאַל פלעגט מיך קעהרען.
האָט מיר געזאָגט מיין זעעלע „וויין“,
האָב איך געוויינט מיט ביט׳רע טרערען.

און האָט די וויטסטע פרייד ערוואַכט,
אין וויטסטען ווינד מיר אָנגעקלונגען,
האָב איך געשטראַהלט, געהאָפט, געלאַכט,
האָב איך די גליקליכקייט געזונגען.

מיין יוגענד ליעגט אין פינסטערן יאָך,
די רעדער האָבען איהר צוריבען...
איך האָב געקלאָגט מיין אייג׳נעם בראָך,
געקרעכצט אויף די, וואָס איך פלעג ליעבען.

אַ קראַנקער שקלאַף, צודריקט, פערלענדט,
מיט עלענד און מיט צער אומגעבען —
האָב איך נור יאָמערן געקענט
מיט וועה אויף אַ געשטאָרב׳נעם לעבען.

איך האָב דעם שעהנסטען װאַלד פערלאָזט,
דעם שעהנסטען טײך, דעם שעהנסטען הימעל,
איך האָב געזשאַװערט און געראָסט
אין דעם פערפלוכטען שקלאַפען־שימעל.

עס האָט די זון מיר ניט געשײנט,
קײן גראָז, קײן בלעטעל מיר געװאונקען,
אָט װי מײן „נעכטען" אַזוי מײן „הײנט"
אין קנעכטשאַפט און אין זאָרג פערזונקען.

עס האָט דעם טרײבערס װילדער גװאַלט,
די נױט מיט איהרע בײנער־פינגער,
צודריקט מײן קראַפט, געמאַכט מיך אַלט,
געמאַכט מיך פאַר אַ קברים־זינגער.

איך האָב נור אונטערגאַנג געזעהן;
פערלענדונג און פערניכטונג טהראָנען,
ס'האָט אַנדערש ניט געקענט געשעהן,
איך האָב געװײנט אױף די מיליאָנען...

װאַך אױף מײן יוגענד אײן מינוט!
ערװאַך! מײן לעבענס גרעסטער קרבן,
און זאָג! װאו ליעגט דײן יונגעס בלוט?
זאָג! ביזטו ניט אין שאַפ געשטאָרבען?

יא, דו מיט דײנע פרײנד אַ סך,
עס האָט אײך פריה דער טױדט געפאַנגען

און איך אליין, אליין נור, אך!
בין נאך די מתים נאכגעגאנגען.

כ׳האב ניט געקענט דאס העכסטע גליק
בעטראכטען קאלט אין צוואנג און קייטען,
כ׳האב ניט געקענט מיט טרוק׳נעם בליק
ארונות טייערע בעגלייטען...

כ׳האב זיי מיט שמערץ בעגלייט אהין,
וואו די לעצטע וועגען פיהרען,
כ׳האב ניט געזאגט קיין „צדק הדין",
דען דאס האט ניט געדארפט פאסירען...

כ׳האב ניט געוויינט צוליעב געוויין,
מיין יעד׳ער טרער האט שטרייט פערראטהען,
פער׳מסר׳ט א בעהאלט׳נעם מעהן:
איך האב געגאסען מיט גראנאטען...

אין טיעפסטען יאוש פון מיין ליעד
האט אומגעשוועבט א הויכעם שטרעבען;
האט שפילעם וועקען היים געגליהט
און דעם סיגנאל צום קאמפף געגעבען.

איך האב דעם רייכען ניט פערדאמט
דערפאר, וואס ער פערברענגט אין פריידען,
נור וייל ער האט דעם וועג פערצאמט
צו פרייהייטס הערליכען גן־עדן.

אָ, ניט קיין צוקוקער געווען
בין איך צו דעם בערויבטען'ס קלאָגען,
דאָס איז מיט מיר אליין געשעהן,
אליין די אונגליקען געטראָגען.

עס האָט גערעדט נור מיין געפיהל.
כ'האָב ניט געהאַט קיין צייט צו דענקען,
דער מח האָט געשוויגען שטיל,
דאָס הארץ פלעגט ציטערען און בענקען.

כ'האָב יעדען טאָג אַ שטיק פון זיך
געמוזט בעוויינען און דערשטיקען,
אזוי בין איך געוואָרען א י ך,
דער דיכטער פון די שוויץ־פאַבריקען.

---

אלס נאציאָנאליסט

שעהן און פרוכטבאַר איז די ערד געוועזען
וואו איך בין געבאָרען. שעהן און רייך!
פון די פעלדער פלעג איך סודות לעזען,
מרוימען — זיך געלערענט פון דעם טייך.

פויגעל האָבען היימיש מיר געזונגען,
ביי מיין פענסטער נעסטען זיך געמאַכט.
דורשטיג האָב איך יעדען טאָן געשלונגען,
פריה האָט מיר די שעהנסטע צייט ערוואכט.

אויף די בערגער פלעגט די זון ערגלאַנצען,
הינטער דעמבעס רויט ווי בלוט פערגעהן,
דער בוהאַי פלעגט אויף די לאָנקעס טאַנצען,
און די טויב שפּאַציערען מיט אַ חן.

זשומען פלעגט די ביהן, דער בוים זיך וויעגען,
און די שעפּס האָט שטיל די גראָז געצוויקט,
און דעם פּאַסטוך׳ס זיסער דודקע־נגון
האָט דאָס יונגע קינדער־האַרץ דערקוויקט.

שעהן געליעבט האָב איך דעם מילנער׳ס מיידעל,
שטאַרק געליעבט די טאָכטער פון דעם שמיעד,
איינע בלאָנד און טרוימעריש, און עדעל,
און די אַנד׳רע ברוין און היים, צוגליהט.

אָפט פלעג איך מיך מיט די בלאָנדע שיפען,
אָפט מיט דער ברונעטקע זיך געשיפט.
אויף דעם זילבער־קלאָרען טייך דעם טיעפען
האָבען פיש און וועללען אומגעשטיפט.

אָבער אַלעס, אַלעס האָט דער גלות
צוגענומען, יעדער גליק ענטזאָגט.
מיט אַ פולע האַרץ און לעערע פאַלעס
האָט דער פיינד מיך פון מיין היים פעריאָגט.

וואָס האָט דאָן געניצט מיין שטאַרקער צאָרען?
ווער קען געהן זיך קריעגען מיט דעם ווינד?

איך האָב פּלוצלונג היים און פרייד פערלאָרען,
און געוויינט ווי אַ פער׳יתום׳ט קינד.

אַך! וואָס בלייבט אין טיעפען גלות איבער
פּאַר אַ לעבען פון אַללדינג בערויבט?
בלאָנדזשען דורך דעם שיקזאַל׳ס טיעפע גריבער,
פון דעם שונא׳ס שפּאָט־געשריי פערטויבט!

אַנגעפילט האָט זיך מיין גייסט מיט זאָרגען,
מיין נשמה איז געוואָרען מיד.
הייסע גלות־טרערען האָבען מיך געוואָרגען
און איך האָב געיאָמערט אויף דעם איד.

אָהן רחמנות האָט דאָס מיך געטריעבען
אומעדום אין פיינדשאַפט און אין שפּאָט,
אָהן אַ נאָהנטען פריינד, וואָס זאָל מיך ליעבען,
אָהן אַ גואל, אָהן אַ גוטען גאָט...

אין דעם ווייטסטען אָרט האָב איך געטראָפען
מיינע ברידער, מיינע שוועסטער קראַנק,
מיד און עלענד, הונגריג און פערשלאָפען
מיט אַ שוואַרצען יאוש אין געדאַנק.

בלייכע באַקען, אויסגעוויינטע אויגען
און די וואונדע הערצער, — ריס אויף ריס.
ווי די שאָטענס האָבען זיי געצויגען,
מיט אַ ציטער קוים געשטעלט די פיס.

אויף די באַהנען האָב איך זיי בעגעגענט
וואָגלען; אויפ'ן בוזים פון דעם ים...
האָב זיך אין דער לופט מיט זיי געזעגענט
און אין מיר האָט אויפגעברענט די פלאַם.

„פאַהרט געזונדערהייט!“ — האָב איך געשריען —
„ג'זונד, פרנסה, פריינדליכקייט און רוה!“
„גאָט אין הימעל וויים וואוהין מיר ציהען!
האָבען זיי געקרעכצט, יאָ, גאָט וויים וואו!“...

שפּעטער האָט מען זיי צוריק געטריעבען
מיט אכזריות פון דעם פריי'סטען לאַנד.
איך האָב זייער אונגליק אויפגעשריעבען
און געוויינט פאַר וועהטאָג און פאַר שאַנד.

וועה! איך בין אליין אַ איד, איך וואָגעל!
כ'האָב אין יעדער שפּראַך מיין פסק געהערט.
אַך! אויף מיר אליין פאַלט בעז דער שטיינער־האָגעל
און מיין טיעפסטער „איך“ ווערט אויפגעצעהרט!

אין מיין שעהנסטען טרוים דערפיהל איך פאַלען
אויף מיין קאָפּ דעם שונא'ס קללה שווער;
ויין צורייצטע שטימע הער איך שאַלען
און צו קעמפפען האָב איך קיין געוועהר.

דאָך אין מיטען פון מיין גרעסטען טרויער
רייסט מיין שטאַרקע האָפענונג זיך לויז:

ס'איז נאָך פאַראַן אַ וואַנד פון י ע נ ע ם מויער...
און די סטעפּ וועט בליהען ווי אַ רויז...

איך פערגעס מיין דאָרף און די געליעבטע,
איך פערגעס דעם גלות און דעם צער.
און מיין אומער־האַרץ די טיעף־בעטריעבטע
זינגט דעם סוף פון עלענד און געפאַהר.

אַלץ פערגעס איך! מענש און וועלט, און אַלעס,
נור איין פונקט איז דאָ פאַר מיר, וואָס גליהט.
אין מיין זעעלעס רוחניות'דיגע פּאַליעס
שווימט אַרויף דער אויסגעלייזטער איד.

ס'האָט דער שמערץ צודריקט מיך און צוריבען,
דאָך געפיהרט פון אַ געהיימע האַנד,
בין איך ביי מיין וויינען ניט פערבליבען.
כ'האָב פון טרערען־ים געשריען „לאַנד" !...

פון תהום האָב איך אַרויפגעליאַרעמט
און געמאַכט מיין ריינסטען וואונש בעקאַנט.
הערצער פון אַ טויטעס פאָלק דערוואַרעמט
און גערופען מוטהיג „גייסט" און „לאַנד" !...

כ'האָב געזעהן דעם „סנה", דעם מדבר־דאָרען
און געטרייסט, דער פייער וועט פערביי...
אָט אַזוי בין איך דאָס א י ך געוואָרען,
דער דיכטער פון דעם אידישען מאַי...

אלס סאטיריקער

ניט אַלץ איז מענש אין מענשען,
אַ טייל האָט ער אין זיך אויך גאָט,
אַ טייל אויך טייוועל, דען דער שפּאָט,
דער פלוך איז, ווי דאָס בענשען,
אַ הייליגקייט אין יענעם אָרט,
אַוואו עס ניצט קיין עדלעס וואָרט.

עס קען אָפט די סאַטירע
מיט איהרע שטעכיגע געוועהר —
בעפריעדיגען די וועלט פיעל מעהר
ווי די געבענשטע לירע,
וואָס אָטהעמט זיסקייט, ליעבע, פּראַכט
ווי אַ בעזונג׳נע זילבער־נאַכט.

ניט נור „וזאת הברכה“
פערמאָגט אין זיך די „הייל׳גע שריפט“.
זי האָט אויך תוכחה און גיפט.
די מענשליכע משפחה
מוז האָבען אויך אויף זיך אַ רוט,
צו בלייבען עהרליך, ריין און גוט.

די ערד, וואָס גיט אונז צוקער,
זי גיט אונז אויך אַרויס דעם כריין.
ניטאָ קיין זיסקייטען אַליין...
עס מוז דער אָרמער שלוקער,
דער מענש, אויך ביטערקייט אַ סך
פערשלינגען אַלס אַ לעבענס־זאַך.

כ׳האָב דאַרום פֿיינד דעם זיסען,
וואָס האָט קיין טראָפּען גאַל אין זיך
און לאָזט פֿון זיין צוקראַכ׳נעם „איך“
נור מילך און האָניג פֿליסען...
און מיט אַ לעקער ווייך און גלאַט
איז יעדען איינעמס „פּאַני בראַט“...

איהר האָניג־מענשען מיאוס׳ע!
מיך האָט נאַטור געמאַכט נאָרמאַל.
אָט וויפֿיעל האָניג זויפֿיעל גאַל,
איך בין ניט פֿון די זיסע...
ניט איינער, וואָס גיט מיך אַ ביס,
מוז פֿיהלען אויך מיין ביטערניס...

דאָס צוקער־קראַנקע דיכטען!
דער קראַנקער צוקער־ליטעראַט!
ביי איהם איז אַלעס זיס און גלאַט,
האָט גאָר ניט צו פֿערניכטען...
אָ, פֿאַלשער נביא! זיסער סם!
אויף אַלץ און אַלע זאָגט ער „באַם“.

איך בין קיין שטילער לעמעל,
וואָס יעדער איינער גיט אַ גלעט.
מיין רוקען איז קיין הסב־בעט
ווי ביי אַ מדבר־קעמעל,
וואו עס זיצט דער בעדואין
מיט רויב און מאָרד אין ווילדען זין.

אויף מיר קען קיינער רייטען,
מיין רוקען איז אַ שאַרפער שווערד.
דער גרעסטער רייטער האָט קיין ווערטה,
איך האַלט איהם שטרענג פון ווייטען
און גיב איהם צו פערשטעהן דערביי:
איך בין געבאָרען צו זיין פריי.

איך לאָז אויך אויף מיין אומה
ניט זיצען דעם, וואָס זאָגט „טראָג"... „טראָג"..
איך קעמפף מיט יעדען דעמאַגאָג
און גיב איהם ניט קיין תקומה.
און מעג ער זיין דער גרעסטער פער,
ער מוז פערזוכען מיין געווערה.

כ'לאָז אויך אויף די, וואָס שאַפען,
אָהן אונטערשיעד אויב איד, אויב קריסט —
ניט הערשען יעדען לומפ אומזיסט.
איך ניץ די ביט'רע וואַפען:
איך שריי, איך לאַך, איך שפּאָט, איך שילט.
ניץ יעדען מיטעל, וועלכער גילט.

איך בין אין קאַמפּף געקומען:
דער פּאָליאַק האָט זיך דאָן געשטעלט
אַנטגעגען רוס, פערלאַנגט די וועלט,
וואָס גזלה האָט גענומען.
אַ ווינטער־נאַכט, דער ביקס ער קנאַלט.
דאָס פענסטער־גלאָז אויפ'ן קינדבעט פאַלט.

דאָך בלייבען מיינע גליעדער
ניט אָנגעריהרט פון בעזען פאַל,
נור יענער מורא'דיגער קנאַל
קלינגט פאָרט אין מיינע ליעדער
און הילכט און רוישט, און ברומט און קראַכט,
און וואַרפט אַ פּחד אויף דער נאַכט.

# צוויי גערטנער

אָפּט שטעה איך אין גאַס מיט אַ פרייד,
דעם פּנים צום פאָלקס־שול געריכט:
אַ גאָרטען בעוועגט זיך און געהט,
אַ גאָרטען פול פאַרבען און ליכט.

אַ גאָרטען מיט בלומען, ער גלאַנצט
און וויעגט זיך, און הויבט זיך, און שפּרינגט.
אָט זעה איך אַ בלום ווי זי טאַנצט,
אָט הער איך אַ קווייט ווי ער זינגט.

אָט לויפט אַ פיאָלעטע און רופט,
און אָט לויפט אַ ראָזע און לאַכט.
עס קלינגט און עס זינגט אין דער לופט.
אַ הערליכער פריהלינג ערוואַכט!

די ליליע אין ווייסע קאַרטון,
די מירטען געקליידעט אין גרין...
געקושט פון דער מיטאג־צייט־זון —
זיי געהן מיט הייטערען זין.

דאָס געהען די קינדער פון שול,
זיי געהען צו מיטאַג איצונד,
די הערצלעך מיט פרעהליכקייט פול,
מיט גליק פון דער מיטאג־צייט שטונד.

איך בלייב פאַר בעגייסטערונג שטום,
איך שטעה און דערלאַנג זיך קיין ריהר.
מיך רינגלען די בלומען אַרום,
דער גאָרטען ער וואַקסט אַרום מיר.

און ס'דוכט מיר איך ווער ווידער יונג
און וואַקס מיט די בלומען און בליה...
עס ווילט זיך מיר געבען אַ שפּרונג,
עס ווילט זיך מיר געבען אַ פליה.

עס באָדט זיך אין צויבער מיין בליק,
דאָס הארץ ווערט מיר לוסטיג און גרוים,
דאָך פּלוצלונג פייפט ווילד די פאַבריק,
אַ גאָרטען אַ צווייטער וואַקסט אוים.

אַ הערבסט-גאָרטען אומ'טיג און קאַלט,
די בלומען פערוויאַלעט און געל,
די צווייגלעך צובראָכען און אַלט,
פערשטויבט און פערניכטעט, אַ תל!

אָט שלעפּט זיך אַ קראַנקע פיאָלעט';
אָט בלאָנדזשעט אַ טויט-בלייכע רויז,
אָט וואַנדעלט אַ שטומער געבעט:
אַן אָרעמע ליליע נאָך הויז...

איך קוק אויף די גערטנער די צוויי
און וויים וואָס די ענדע וועט זיין,
און פיהל אַזאַ ביטערען וועה
און פיהל אַזאַ ביטערע פיין.

# צו אַ שאַפּ-מיידעל

איך שמייכעל ניט די ראָזע פאַר איהר שעהנקייט,
איך שמייכעל ניט די ליליע פאַר איהר ריינקייט
און פאַר איהר זיסע שטימע ניט, די נאַכטיגאַל.
זיי קענען קיינע אַנדערש ניט ערשיינען,
זיי מוזען זיין אַזוי נור, ווי זיי זיינען,
זיי היט דער הימעל און זיי גלעט דער זונענשטראַהל.

די בלום ווערט ליעב געצערטעלט אויף די בייטען,
דער פויגעל קען זיך פריי אין לופט צושפּרייטען,
עס גיט נאַטור זיי וואָס עס פאָדערט זייער ראַנג.
די רויז קריעגט טהוי און זונשיין, דופט, קאָלירען,
די ליליע — ליכט און חן, און צניעות זיך צו ציערען,
די נאַכטיגאַל — בעגייסטערונג פאַר איהר געזאַנג.

נור דו, אָ אַרבייטס-קינד ביי דער מאַשינע!
געמאַטערט אין אַ לופט פון פּעסט און שנאה —
דו האָסט פון קאַרגען לעבען ערגערניס נור און געוויין,
דאָך וואַקסטו אין דער בעזער צטמאָספערע
אַ צאַרטע בלום, א ברכה און אַ עהרע,
מיין ליעד איז נור פאַר דיר, יאַ, דיר אַליין!

דיך טרייבט די נויט דיין בליהונג צו פערדאַרבען,
דיך טרייבט דער טויט צו ענד'רען דיינע פאַרבען...
דיך צווינגט דער הונגער צו פערבלייכען אָהן אַ קול,

דאָך קעמפפסטו ביטער געגען דיינע שונאים,
דיין זעעלע לייכט דורך דיין רחמנות־ ליעבען פנים,
דיין שטימע קלינגט אַרויף ווי פון אַ דומפּפען טהאָל.

אָ, זיסע, עדלע פּראַכט פון די פאַבריקען,
וואָס טויטען לעבענס, דריקען און דערשטיקען! —
דו שיינסט און שמעקסט אין ווערקשטאַט'ם מערדערליכען רעש.
אַ רייכער קוויט אויף ווילד־צוטראָט'נע בייטען,
אַ הייליג ליעד אין קאַלטען בראַזג פון קייטען,
אַ הימעלם־פונק אין שיקזאַל'ם שרעקליכען באַרג אַש.



# צו שפעט

וועז זי האָט געבליהט און געלאַכט,
פלעגט זי זיך אין פעלד ניט געפינען,
דאַן האָט זי געשאַפט און געשמאַכט׳
אין ווילדען געדויש פון מאַשינען;

דאַן האָט זי קיין בלום ניט געזעהן,
קיין טהוי און קיין שטראַהל ניט גענאָסען;
דאַן איז זי אַ ראָזע געוועזן
אין נויט, ווי אין דערנער, געשלאָסען;

דאַן האָט זי קיין פויגעל געהערט,
קיין ג׳ווירציגען דופט ניט פערנומען;
דאַן האָט איהר די פראַצע געשטערט
מיט תענוג אין נאַהנטקייט צו קומען.

דאָך איצטער, ווען זי איז פערשוואַכט,
איהר גלאַנץ איז ווי שאָטען צוגאַנגען,
איצט האָט מען אין פעלד איהר געבראַכט,
וואו ס׳בליהען די בלומען און זאַנגען...

איצט האָט זי אי טהוי, אי געזאַנג,
אי בשמים, אי גאָלדענע שטראַהלען —
זי וועט זיי געניסען ניט לאַנג.
צו שפעט, — עס איז אַלעס פערפאַלען!

דאָס וואַלט איהר אַלץ פריהער גענוצט
בעפאָר ס'האָט דער עלענד פערלענד'ט איהר,
בעפאָר ס'האָט איהר יוגענד פערבליצט,
דער בלייכער פערניכטער דערקענט איהר.

אָ, ווייסט איהר אַ ראָזע ווי די,
אויף וועלכע עס קלאָגט איצט מיין מוזע?
טאָ העלפט איהר ווי לאַנג ס'איז נאָך פריה!
זי שטעהט נאָך ביי לעבען'ס מזוזה...

# די לעדיגע שפּול

כ׳האָב יאָהרען לאַנג געשאַפּט מיט וועה,
אין דומפּפע ווערקשטאַטס, וואָס פערדולען,
און אָבגעשפּאָרט פון מיין גענעה
אַ באַרג אַוועקגעוואָרפ׳נע שפּולען.

דער פאָדים איז פון זיי פערניצט,
מען קעהרט זיי אום זיי זאָלען ניט שטערן.
בין ווי די שפּולען נאַקעט איצט
און איבריג נור אַרויסצוקעהרן.

מיין ניצליכקייט איז שוין צושטערט,
איך וואַלגער זיך אויף לייטענס חסדים,
מיין לעבענס-פאָדים איז פערצעהרט,
ער ליעגט און פוילט אין פרעמדע בגדים.

איך בין מיט האָפענונגען פול
געוועזען אַמאָל ארומגעשפּונען,
דאָך איצט בין איך אַ הוילע שפּול,
פון שיקזאַל׳ס ווערקשטאַט קוים ענטרונען...

אַט קייקעל איך מיך אום אומזיסט,
ווי פאַר דעם סמיעטניק נור געבאָרען,
באַלד קעהרט מען מיך אַרויס אין מיסט,
אַוועק! פערגעסען און פערלאָרען.

# אַ שטיקעל קויהל

אַ שטיקעל קויהל צוברענט אויף גיך,
ווער וויים דערפון דעם טיעפען מעהן ?
איך קוק דערויף בעטריעבט און וויין :
אַ קויהל אין אַש, אַט דאָס בין איך.

מיין יוגענד ליעגט אין שוואַרצען שאַכט,
וואו איך האָב טרויריג זיך געקוועלט.
איך האָב מיין לעבען איינגעשטעלט
און פייער פאַר דער וועלט געבראַכט...

אין פרעמדע אויוועגס שטייגט מיין בראַנד
און איך, צופראָרען און אַליין,
געה אום מיט ציטערענדע צייהן,
אַן איבעריגער אין דעם לאַנד.

ווען איך וואָלט איצט ווי דאַן געהיצט,
ווי דאַן, ווען אין אַ לאַנגע נאַכט
איך האָב מיין כח אומגעבראַכט,
וואָלט אַנדערש איך מיין פלאַם געניצט...

אַצינד, דורך ווינטער'ס ווילדען גרויל,
האָב איך פאַר מיר קיין וואַרמע שטוב,
מיין קראַפט ליעגט אין אַ פינסט'רע גרוב,
איך בין אַן אויסגעברענטע קויהל...

# לאה'לע

---

וויינט דאָס קליינע לאה'לע,
וויינט און בעט: „אַן אייעלע,
מאַמעניו, קאָך אָפּ!"
און די מאַמע טרויעריג
קוקט זיך אום בעדויעריג,
שאָקעלט מיט'ן קאָפּ:

„קינד, אַן איי איז טהייער איצט,
יקרות, בראַנדיג, פייער איצט,
שרעקליך, וואָס דאָס קאָסט!
טאַטענ'ס שכירות סטאַיען ניט
און עס העלפט קיין שרייען ניט,
עס איז דאָ אַ טראָסט..."

„נו, טאָ קויף אַ קעזעלע;
קויף מיר מילך אַ גלעזעלע;
פּוטער צו די ברויט!"
דאָס די מוטער הערענדיג
קוקט איהר קינד אָן צעהרענדיג,
פיהלט דעם טעם פון טויט.

„קינד, מען טאָר ניט בעטען מעהר,
מילכיגס קען ניט זעטען מעהר,
עס אָט וואָס דו האָסט!

טאַטענ'ס שכירות קלעקען ניט,
די פערדיענסטען דעקען ניט,
עס איז דאָ אַ טראָסט."

„טאָ גיב מיר יאָויך אַ ביסעלע,
גיב מיר פלייש אין שיסעלע,
הינדעל האָב איך ליעב.
קאָרמעסט רק מיט סקאָרינע,
הארטע און פערפראָרענע, —
גוטע זאַכען גיב!"

„הער מיך אויף צו קוועלען מעהר!
קינד! מען טאָר ניט וועלען מעהר
ווי דער כח לאָזט.
טאַטענ'ס לוין פערקלענערט זיך,
נויטיגקייט פערצעהנערט זיך:
עס איז דאָ אַ טראָסט."

„נו, טאָ קויף אַ קליידעלע!" —
וויינט דאָס קליינע מיידעלע —
זעקעלעך און שיך.
כ'וויל מיט דיר שפּאַציערען געהן,
וויל איך מיך פערציערען שעהן,
פוץ מיך אוים אויף גיך."

„קינד מיינס, ווי דו ווייסט דאָס ניט,
אָך, ווי דו פערשטעהסט דאָס ניט!
דרויסען איז אַ פראָסט.

ווער קען זיך פערציערען איצט?
ווער איז אונז! מיר פריהרען איצט,
עס איז דאָ אַ טראָסט."

דאָך וואָס אַרט אַן איידעלע,
קליינע, שעהנע מיידעלע
טראָסטס? — אומזיסטע רייד!
לאה'לע איז ווייט דערפון
און איהר מוטער ליידט דערפון
און ס'איז גרויס די לייד...

# די רײכע מאַמע

דער פענסטער איז מיט פראָסט בעצױגען גראָב.
דאָס קינד האַלט אין די קלײנע, קאַלטע הענד
דעם אײנציגען, דעם לעצטען סענט,
און שמײכלענד דרוקט עס אויפ'ן שויב דאָס אָב.

זײן יונגער מח'ל מאַכט אַ סוף פון נויט, —
דער פענסטער איז מיט סענטען אויסגעשפּרײט, —
„אַ, מוטער!" — זאָגט עס מיט אַ פרײד,
„דאָ האָסטו געלד אויף קויהלען און אויף ברויט..."

עס קוקט די בלײכע מוטער — עלענד'ס רויב,
אויף איהר פערהונגערט, קאַלטעס קינד מיט װעה.
„אַ, מוטער! קום אַהער, אַהער און זעה!!"
און פרײדיג װײזט דאָס אויף דער קאַלטער שויב.

איהר טריבער בליק רוהט אויפ'ן פענסטער גלײך.
„זעה! בלומען און סענטען..." דער פראָסט איז דול,
און איהר אויג איז פול און איהר האַרץ איז פול.
זי קושט איהר אונגליקליך קינד — זי איך רײך...



# דעם בעקערס קינד

---

דעם בעקער׳ס קינד האַלט אַ בייגעל אין האַנד
און פרעגט ביי דעם פאָטער מיט קינדיש פערשטאַנד:
„ערקלער, ליעבער פאָטער, ערקלער מיר דעם זין,
ווען דער בייגעל איז פערצעהרט
פון זיין „אינווענינ" וואָס ווערט?
אַוואו קומט די לאָך פון בייגעל אַהין?"
פון שווינדזיכטיגען פאָטער׳ס צונג
דער ענטפער קומט: „ביי מיר אין לונג..."



# אַ פאָלקס זיפּץ

תנאים'ס ווערען אָבגעלעגט,
חתונות פערשיבען.
די פאַמיליע לעזט זיך אויף.
אַך! ווער מעג איצט ליעבען?

רעגט איז הויך, פערדיענסטען — רויך,
לעבענס־מיטעל טהייער.
און די ליעבע זאָגט זיך אָב,
ווערט ערשטוינט און טראָגט זיך אָב,
ציטערט ווי פאַר פייער.

גאָט! דען ענדיגט זיך דיין וועלט?
איז אומזיסט דיין מיהע?
וועט דער וויסטער גען פון געלד
אָבמעקען דיין בריאה?



# ליעבע און אָרעמקייט

זי איז אַ דיענסט ביי רייכע לייט
און ער אַ „האַנד“ אין אַ פאַבריק,
און קומט דער אָבענד קומט דאָס גליק.
אָ, זי דערוואַרט שוין קוים די צייט.

ער קומט אַריין צו איהר אין קיך
און גיט אַ קוש און כאַפּט אַ „בים“,
מען טאָר ניט וויסען ווער ער איז,
און דער וויזיט מוז זיין אויף גיך.

דער קעסעל זינגט... זי הערט זיך איין...
זיי וועלען הייראַטהען, און דאַן
איז זי דאָס ווייב און ער דער מאַן —
אַליין די בעלי־בתים זיין...

זי מישט דעם פולען טאָפּ און טראַכט:
ער איז אַן אָרמער אַרבייטער,
איהר אייג'נער טאָפּ בלייבט אפשר לעער!...
זי טראַכט און וואַכט די גאַנצע נאַכט...



# נאַכט ליעדער

1.

כ׳צוריים די ווייסע העמד פון דער לבנה־נאַכט
און זוך אין גאַס דעם טיעפען וועה פון ליעבע,
די עלענדקייט פון אוגגעלונגענע ליעבע...
אַ שטילער שאָטען וויעגט זיך אום פערטראַכט,
איך קוק איהם אָן מיט בליקען טריבע:
אַ, אָרמעס קינד פון ליעבע!...

2.

זי ווינקט ווי האַמלעט׳ס גייסט צו מיר,
איך געה איהר נאָך,
מיין טיעפער מיטלייד איז מיט איהר,
איך געה איהר נאָך,
איך קום ביז צו אַ פרעמדע טהיר —
זי ווינקט מיר געהן.
מיט ווייסע צייהן,
מיט ליפען רויט,
עס רעדט די נויט:
„מיין ליעבע דיר;
נור דיר אַליין...“
דאָך איך בלייב שטעהן:

„נאַ, קויף דיר ברויט!“
זאָג איך צו איהר.
זי קוקט אויף מיר,
יאָ. קוקט און לאַכט:
„אַ שעהנעם דאַנק!
איך נעהם קיין ג׳שאַנק...“
איך בלייב פערטראַכט.

3.

די נאַכט איז העל.
איך האָב איהר באַלד דערקענט
און האָב זיך שטאַרק דערשראָקען —
דערקענט איהר אָן די שוואַרצע לאָקען
דעם ווייסען האַלז דעם קלאָרען,
צום קושען נור געבאָרען —
זי האָט זיך אָבגעווענדט
און ניט געוואָלט מיך זעהן...
אַ ג׳וועזענער שכן —
בין שיער צונויפגעבראָכען:
„וואָס איז געשעהן?
אַ קרבן?!...
וואָס וועט פון טאַטען ווערען
ווען ער וועט דאָס דערהערען?“
זי האָט געזיפצט מיט טרערען:
„ער איז געשטאָרבען...“

4.

„די שעהנסטע — זאָגט ער — פון דעם „הויז“!
פון געלד איז קיין מניעה —
איך קום ניט ליעבען קיין מציאה...
אַהער מיר אייער שעהנסטע רויז!“
מען האָט איהם אויפגעמאַכט אַ צימער
פול בלומען און פול שימער.
אַנטקעגען איז צו איהם געקומען
די שעהנסטע בלום פון אַלע בלומען.

„איך האָב דיך ליעב,“ האָט זי געלאַכט,
„מיין אַלטער, אַלטער גוטער פריינד!
נור דיר אַליין פערדאַנק איך היינט,
דיין ליעבשאַפט האָט מיך דאָ געבראַכט...
אָ, קום, מיין אַלטער מייסטער, קום
און נעהם מיך הייס אַרום
און ליעב מיך מיט דיין גאַנצע מאַכט!...“

איהר שעהנהייט האָט איהם באַלד געבלענדעט
און מיט אַ ליידענשאַפטליך לוסט
איז ער געפאַלען אויף איהר ברוסט,
וואָס ער דער ערשטער האָט געשענדעט
אין ווערקשטאַט, וואו זי האָט געשאַפט
פאַר איהם, יא, וואו זי האָט געשקלאַפט.

. . . . . . . . . . . . .

. . . . . . . . . . . . .

„איצט געה!“ האָט זי געזאָגט.
„דו זעהסט? דערוויסען טאָגט...
אָ, דער געדאַנק!
דיין לוין איז דיר געגעבען,
דו בלייבסט איצט קראַנק
דיין גאַנצען שוואַרצען לעבען...“

און שטום, און בלייך ווי טויט איז ער אַוועק געשווינד
בעגלייט פון שדים, פון זיין אייגנע זינד...

# די זינדיגע

די נאַכט איז שטיל, די נאַכט איז שוואַרץ,
כאָטש אין אַן אויג צו שטעכען.
זי געהט, איהר קלאַפּט דאָס יונגע האַרץ,
די פיס די יונגע ברעכען.

זי קוקט זיך טרויעריג אַרום,
מיט וועהטאָג און מיט צאָרען,
און ביי איהר בוזים האַלט זי שטום
די פרוכט פון זינד געבאָרען.

איהר בליק איז וויסט, איהר פּנים בלאַס,
זי טראַכט מחשבות טריבע: —
זי געהט אוועקוואַרפען אין גאַס
די עדלע בלום פון ליעבע...

זי וויינט און לעגט דאָס שנעל אַוועק
און לאָזט אין זיך די וואונדען,
און שילט די וועלט און ווערט מיט שרעק
אין פינסטערניס פערשוואונדען.

# קאָנצערט

ער האָט פאַר'ן מיידעל אַ פּיאַנאָ,
פאַר'ן אינגעל אַ גיטאַר,
דאָך זייט איהם ניט מקנא!
ער האָט פוןביידען צער.

מען האָט די אינסטרומענטען
געבראַכט אין הויז אויף באָרג.
ער צאָהלט פאַר זיי פּראָצענטען,
ער האָט אַ באַרג מיט זאָרג.

ער קען אויך זעלטען הערען
דעם קלאַנג פון די מוזיק,
דען ביידע קינדער צעהרען
בייטאָג אין דער פאַבריק.

זיי האָבען טיעפע ג'פיהלען,
נור מעגליכקייטען קנאַפּ,
זיי האָב'ן ניט ווען צו שפּיעלען,
זיי קוועלען זיך אין שאַפּ.

און ער איז אויך פערנומען
ביי טאָג ביי דער מאַשין.
ער הערט די רעדער ברומען
און רוישען אָהן אַ זין...

ביי נאַכט נור קומט דאָס לעבען,
כאָטש אַלץ אַרום איז שוואַרץ —
די זיסטע טענער שוועבען
און פילען אָן דאָס האַרץ.

דער טאַטע זיצט אַ בלאַסער,
די קינדער גיב'ן קאָנצערט —
זיין בליק ווערט נאַס און נאַסער,
ער זיצט און הוסט, און הערט...

# דער אַפּרייטאָר

---

ער רעדט ניט פיעל,
ער בעט ניט פיעל,
ער קומט ניט אָן צו קיינעם.
דערזויילע שטעפּט ער,
דערזויילע לעבט ער,
ווי אַלע זיינע שכנים...
און ווען די שאַפּ
איהם זאָגען „סטאָפּ“,
איז דאָ אַ מושב זקנים...

# די מאַנטעל מאַכער

(„קלאָוק מייקערס“)

צו זייער גענעראַל סטרייק.

די באַטאַליאָנען מאַנטעל־מאַכער
בעמאַנטלען זיך מיט מוטה און שטרייט.
זיי האָבען גאָר אַ לאַנגע צייט
בעמאַנטעלט זייערע פערלאַכער.

בעמאַנטעלט און געמאַכט זיי שעהנער.
איצט מאַנטלען זיי זיך זעלבסט אין שטאָלץ:
— איהר וועט ניט האַקען אונז ווי האָלץ,
און ניט צוואָרפען אונז ווי שפּענער!

לאַנג אומזיסט דעם יאָך געשלעפּט,
דאָך מיר האָבען אויסגעשטעפּט
אונזער שעהנע אחדות־פאָהן.
מאַכט אַ וועג! מיר קומען אָן.

די באַטאַליאָנען מאַנטעל־שניידער,
גאַנץ לאַנג צושניטען און צוטהיילט,
זיי האָבען איינינקייט געוועהלט,
געוועהלט אַלס גלייכע צרות־ליידער.

מען גיט זיך הענד און הערצער ווייליג,
ערהויבענדיג דעם שאַפער׳ס ראַנג,
בעקראַנצט מיט העלדישקייטס־פערלאַנג:
זיך ניט אַוועקצוגעבען ביליג.

לאַנג אומזיסט די ראָד געדרעהט,
דאָך מיר האָבען אויפגענעהט
אחדות־מאַנטעל, פּראַכט־פּאַסאָן.
מאַכט אַ וועג! מיר קומען אָן.

---

די באַטאַליאָנען בלייכע שטעפּער,
וואָס צאַפּלען טרוימען אוים פון טוך;
וואָס האָבען קוים אַ קלייד, אַ שוך;
וואָס שוויצען אין די דומפּפע שעפּער;

זיי האָבען אויסגעשטעפּט דעם חלום,
דעם גרויסען חלום אויפ׳ן וואָהר,
וואָס הייסט ניט געבען האָב און גאָר
אין שקלאַפּען־העל צו די טייוואָלים.

לאַנג אומזיסט דער מאָדעס גאַנג
רק געצאַצקעט שווער און באַנג.
קומט די לעצטע מאָדע: — רעכט
פאַר בערויבטע, אָרמע קנעכט.

---

עס ווילען אַרבייטס־באַטאַליאָנען,
די העלדען פון דעם קליידער־פאַך —

ניט מעהר פֿערגעהן אין עלענד'ס שמאַך,
זיי קומען זיי'רע חובות מאַהנען.

עס שיינט און גלאַנצט דורך טויזענד פענסטער
די פרוכט, וואָס מאַטערט און צוברעכט,
וואָס קליידט דעם עדעלען געשלעכט
און צאָהלט אַ לוין, וואָס איז דער קלענסטער.

לאַנג אומזיסט געפוצט די וועלט,
לאַנג געגרויסט דעם מאַן פון געלד,
קומט די אחדות רייך געקליידט,
קומט אין קאַמפף פון זיעג בעגלייט.



# העלדען פון דער שער

צו די סטרייקענדע שניידער פון שיקאגא.

---

העלדען פון די שער און אייזען,
איהר, וואס האט בעקליידט די וועלט,
איהר בעקומט נור הונגער־פרייזען,
איהר ווערט נור מיט נויט פערגעלט.

איהר, וואס בלענדט די מידע אויגען,
צאפלער פון דעם שניידער־פאך,
אָ, ווי ווערט איהר אויסגעזויגען!
אָ, ווי ליידעט איהר א סך!

אייער קרעכצען, אייער ברומען
זיינען איצטער אונז'רע געסט,
פון דער שוויץ־פאבריק געקומען,
פון דער הויפט־שטאדט אין דער וועסט.

עלענד שלעפט איהר איי'רע יאהרען
דורך דער ווינדיג גרויסער שטאדט.
ווי דער ווינד ווערט איהר פערלארען
און אייך העלפט קיין מענש, קיין גאט!

מישיגען די טייך צו הערען
ווי זי רוישט נעהמט אן א שרעק.

זיינען דאָס ניט איי'רע טרערען,
וועלכע רינען דאָרט אַוועק?

זיפצט דאָס דאָרט ניט אייער דלות,
ווען דער שטורעם בייטשט דעם טייך?
לויפט דאָס דאָרט ניט מיט די פּאַליעס
אייער כעס, וואָס קאָכט אין אייך?

אָ, איהר האָט אַ סך געליטען,
שניידער־שקלאַפען פון דער וועסט!
איהר האָט קריעות זיך געשניטען,
אייער ברוסט אַרויסגעפרעסט.

איהר האָט ווי פערשאָלט'נע זינדער
זיך געמאַטערט מיד און מאַט,
און איהר האָט פאר ווייב און קינדער
ניט געהאַט קיין ברויט צו זאַט.

איהר פלעגט טרייבען די מאַשינען
פריה און שפעט, צו יעדער צייט.
אייער זוי'רער שוויים פלעגט רינען
אָ, איהר אָרמע, אָרמע לייט!

איצטער סטרייקט איהר, — וועה די שונאים!
קרויגט מיט אחדות אייער שטרייט!
לייכטען זאָל דער בלייכער פּנים
מיט דער זון פון איינינקייט!

# צום ערשטען מאַי

---

שעהנער מאַי! שעהנער מאַי!
וואָס איז מיר כדאי
דיין גרינס, דיין געזאַנג?
מיר טהוסטו נור באַנג,
מיר ציהסטו פאַרביי
אַזוי ווי אַ נאַכט.
איך זעה ניט דיין פראַכט,
דיין גלאַנץ און דיין שיין,
איך ליעג אין מיין פיין.
דאָס פויגעלע זינגט,
פאַר מיר אָבער קלינגט
דער קול פון פאַבריק —
אַ, ווילדע מוזיק! —
ניין, איך בין ניט פריי.
וואָס טויג מיר דער מאַי?
דער ליעבליכער מאַי!

שעהנער מאַי! שעהנער מאַי!
עס ליעגט שווער ווי בליי
די נויט אויף מיין קאַרק.
איך שטעה אויף דעם מאַרק
און בעט זיך און שריי:

„ווער דאַרף מיינע הענד?
„איך דאַרף האָבען רענט.
„דאַרף ברויט, שיך, אַ קלייד, —
„כ׳פערדינג זיך מיט פרייד.
„מעג גרינען דאָס פעלד,
„מעג לעבען די וועלט,
„מעג שמייכלען די בלום —
„איך קוק זיך ניט אום,
„איך אַרבייט געטריי...
„וואָס טויג מיר דער מאַי?
„דער נאַרישער מאַי!...“

שעהנער מאַי! שעהנער מאַי!
אומזיסט סאַי ווי סאַי!
מיין הויז איז אַ גרוב,
אַ קבר מיין שטוב.
צי ווערט דער וואַלד ניי,
צי ווערט ער פערדאַרט,
איך בלייב אַלץ פערשפאַרט
אין אָרמען קוואַרטאַל,
וואו כ׳שמאַכט נאָך אַ שטראַהל,
וואו כ׳גאַר נאָך אַ גראָז
און ברעך ווי אַ גלאָז
אין שיקזאַל׳ס געוואַלט.
איך ווער אָהן צייט אַלט, —
מיין „זיין“ איז אַ שפּיי, —
וואָס טויג מיר אַ מאַי?
וואָס דאַרף איך אַ מאַי?

שעהנער מאַי! שעהנער מאַי!
אָ, גאָט! הלואי
געניסט פון דיין רייך,
יעדוועדערער גלייך
און פרעהט זיך דערביי!
דערזעה דאָך דעם מענש!
בעשירעם און בענש
אין מיהזאַמקייטס זכות —
זיין טאָג מיט געגום!
בעלייכט זיין פערשטאַנד
אין יעדוועדען לאַנד —
פערשענק איהם דיין ליכט,
אַז ג׳ניסען איז פליכט!
ניט דולד, ניט פערצייה
די רויבער פון מאַי,
פון הערליכען מאַי!...

# אַרבייט׳ס „אָז ישיר“

דער מאַרש פון גרויסען מאַי־פּאַראַד.

---

„אַ הימעל! שטאַרק זיין וויסען,
זיין לוסט, דעם אַרבייטס־מאַן,
זיין חשק צו געניסען
די גוטס, וואָס איז פאַראַן,
ער זאָל ניט שטעהן פון ווייטען,
ניט זיין געשטופּט צוריק,
אין לעבענס שעהנסטע צייטען —
פון זיין פערדיענטען גליק“.
(„מאַי־געדאַנקען“.)

דאָס איז די שעהנסטע צייט פון יאהר,
דאָס איז די שעהנסטע צייט,
דורך אַלע וועלטען קלינגט דער כאָר
פון מחנות אַרבייטס־לייט.

איין הייליג גרויסער וואונדער־פלאַם
צינדט יעדע זעעלע אָן,
און שטאָלץ אַנטגעגען רויטען ים...
ערהויבט זיך פרייהייט׳ס פאָהן.

רעפריין

מאַרש, מאַרש, מאַרש,
מיט אַרבייטס־פלאַג אין האַנד,
מאַרש, מאַרש, מאַרש
מיט מוטה דורך יעדען לאַנד!

ווערען זאָל דער דריקער בלאָס
פאַר אחדות עדלע פאָהן,
ווען עס רוישט די אָרמע גאַס
איהר וואַרנונג צו מאַמאָן!

---

געשלאָסען איז די ווערקשטאַט פעסט,
קיין ראָד בעוועגט זיך מעהר,
דאָס געהט דער שאַפער צום פּראָטעסט
אַנטגעגען פוילענצער.

איין גייסט בעלעבט די גאַנצע וועלט,
איין שטימונג, איין פערלאַנג,
אַנטגעגען בלוט־געיעג פאַר געלד
איז אַרבייטס שטאַרקער גאַנג.

מאַרש, מאַרש, א. ז. וו.

דער וואַלד ווערט גריי, דער פויגעל פריי,
עס זינגט און קלינגט, און לאַכט,
דאָס איז דער אָנהייב פון דעם מאַי
ווען טאַט און בלאַט ערוואַכט.

נו, שטעהט אויך אויף דער מאַן, וואָס שאַפט
מיט דער נאַטור צוגלייך
און פייערט זיין געבענשטע קראַפט,
וואָס מאַכט די דורות רייך.

מאַרש, מאַרש א. ז. וו.

צו שווער געווען איז פּרעה׳ס יאָך
צו טראָגען, פיעל צו שווער,
די שקלאַפען אָבער זיינען דאָך
געגאַנגען איבערן מעער...

די זון פון זיעג האָט זיי געשיינט
צו דיער בעשטימטער שעה,
דער זעלבער „נס“ וועט זיין אויך היינט,
דער „שטעקען“ איז נאָך דאָ...

מאַרש, מאַרש א. ז. וו.

דער שונא היט יעדוועדער ריהר
פון זיינע אַלטע קנעכט,
ער הערט זיי טרעטען פאַר זיין טהיר
און רופען ברויט און רעכט.

ער הערט און מאַכט די אוי׳רען צו,
ער זעהט און שליסט זיין בליק,
דאָך וואו ער געהט נור זוכען רוה,
רוישט אַרבייטער־מוזיק.

מאַרש, מאַרש א. ז. וו.

דאָס איז די שעהנסטע צייט פון יאהר,
דאָס איז די שעהנסטע צייט,
דער חלום וועבט זיך אויפ׳ן וואָהר,
דער פּתרון איז ניט ווייט...

די ווילדע האָבזוכט וועט פערגעהן,
פערשווינדען וועט די שלאַנג —
און די, וואָס זייען מיט געוויין,
וועל'ן שניידען מיט געזאַנג...

מאַרש, מאַרש א. ז. וו.



# אויף אַן אַרבייטער מאַסקענבאלל

טהוט אָן די מאַסקעס! קומט צום באָלל
אַוואו די טענצער שוועבען,
און פערמאַסקירט זיך כאָטש איין מאָל
אין מענשען וועלכע לעבען!

איהר, וועלכע קענט נור די פאַבריק
און שקלאַפט ביי טויזענד זאַכען,
געניסט כאָטש אַ מאַסקירטען גליק.
פּרובט זעהן צי קענט איהר לאַכען!...

אין אייער מינע איז פערמעקט
דעם לעבענס זיסע פריידען.
מיט אייער פּנים אָבגעדעקט
ווייזט איהר נור וועה און ליידען.

די זאָרג אויף אייער שטערען ריהרט
און ברעכט אַ הארץ פון אייזען.
איהר מוזט ערשט ווערען פערמאַסקירט
אַ פרעהליכקייט צו ווייזען.

איהר האָט קיין צייט, דערלאַנגט אַ כאַפּ
די פרייד, דען זעהט די שונאים!
באַלד מאָרגען זייט איהר שוין אין שאַפּ
מיט אייער אמת'ן פּנים...

מאַסקירט זיך און נאַרט אָב די פּיין,
זי זאָל אייך ניט דערקענען...
געהט צו צום שפּיעגעל, קוקט זיך איין
ווי שעהן די קליידער זענען!

ניט שטענדיג זייט איהר אויסגעפּוצט
אין תענוג'ס בונטע פאַרבען,
די ווערקשטאַט מאַטערט, פּלאָגט און שמוצט,
און רעדט פון שרעק און שטאַרבען.

אַריין, אַריין אין לוסט'גען קאָן,
וואו ס'הילכען קיין יללות —
און האַלט זיך כאָטש אַ רגע אָן
ביים נחת אָן די פּאָלעם!

דערלאַנגט אַ טאַנץ און גיט אַ שפּרונג!
פערלאַכט דעם יאָך, פערשפּאַט' איהם!
כל זמן עס איז נאָך דאָ אַ לונג,
כל זמן ס'איז דאָ אַן אָטהעם...

די פּראַצע זוכט נור אייער בלוט,
און וויל אייך גאָר ניט געבען.
רייסט אָב פון איהר כאָטש איין מינוט,
אָ, רויבט אַ רגע לעבען!

מאַסקירט איז אַלץ. דער שפּאַס, דער כעס,
מען ווייסט ניט ווער און ווער און וועמעס,

נור אייער פּנים דאַר און בלאַס
אַ, אַרבייטער, איז אמת!

נור אייער שוויים איז שטענדיג עכט,
נור אייער טרער איז ביטער,
נור איהר זייט טאַקע אמת'ע קנעכט,
און קריעגט מיט אמת'ע ריטער...

נור אייער נויט איז עכטע נויט,
וואָס מאַכט אייך אַלט און עלטער,
נור אייער יונגער פריהער טויט
איז קיינמאָל קיין פערשטעלטער.

טהוט אָן די מאַסקעס! קומט צום באלל
אַ ווייל די וועלט צו בענשען,
און פערמאַסקירט זיך כאָטש איין מאָל
אין לעבעדיגע מענשען...

# פייער

(אויף פערברענטע פאבריק־מיידלעך אין נויארק, נ. דוש.)

---

ניט זינגט פון חופות! — הערט! אַ רעש,
אַ וועה, אַ קלאַג פערטומעלט אַלעס.
חתנים זוכען אום אין אַש
מיט יאָמער זיי׳רע טויטע כלות.

דער כלי־זמר שוויינט... ס׳פאָהרען צוריק
די פייער־וואַגענס — אַלץ פערלאָרען!
פערברענט די בלוטיגע פאַבריק,
צושטערט אַ ים מיט יונגע יאָהרען.

עס ליעגען אַרבייטס טעכטער, — קויהל
און שטויב, — ווער וועט זיי איצט דערקאָנען?
דאָס לעבען קוקט מיט פיין און גרויל
און וויים ניט וואו זיין רעכט צו מאָהנען.

אַ פייער־פּאַסטקע איז געוועזן
דער אָרט וואו קנעכטשאַפט האָט געוויטערט.
זיי האָבען טעגליך דאָס געזעהן,
געזעהן, געאַהנט און טיעף געציטערט.

דאָך ווילד געטריעבען האָט די נויט
זיי דאָרט אַהין יעדוועדען מאָרגען.

אין שרעק'ס אחריות זוכען ברוים,
אין מורא מילדערען די זאָרגען.

איין נויט־אַרויסגאַנג נור געשיצט
האָט אין דעם יאָך־נעסט די קרבנות.
ס'האָט מעהר געסטראַשעט ווי גענוצט.
און מעהר געוויזען די סכנות.

זיי האָבען קוים דעם טאָג געקענט,
דעם לעצטען טאָג פון זיי'רע פּלאָגען.
גאַנץ פריה אַוועק, ביי נאַכט פערברענט,
און הונדערטע געזינדען קלאָגען.

אַ וועלט מיט ליעבע ליעגט צושטערט,
מיט טאַטע מאַמעס טיי'רע גליקען;
אַ וועלט, וואָס האָט אַ וועלט גענעהרט
מיט שמייכעלס און מיט זיסע בליקען.

דער פייער־שד האָט אויסגעקוסט
מיט טייפעלשקייט די יונגע לייבער,
געמאַכט זיי מיט גיהנום־לוסט
פאַר זיינע ווילדע פלאַמען־ווייבער.

ניט זינגט פון חופּות! ס'האָט די נאַכט
איהר שוואַרצען חופּה־ליעד געזונגען.
געזונגען — יא, געקאַיכט, געלאַכט...
און גאָט מאַמאָן האָט צוגעקלונגען...

וואָס זוכט די בלינדע ג'רעכטיגקייט ?
זי וויל די שולדיגע געפינען ?
דאָס איז די שולד פון אונזער צייט,
וואָס האָט נור רויב און מאָרד אין זינען.

פון קברים שפּראָצט דעם רייכען'ס גליק,
און קיינעם קימערט ניט די מאַסע.
דער מענש איז הפקר. די פאַבריק,
זי איז פערהיט דורך פייער־קאַסע.

ניט זינגט פון חופות ! זאָל געזאַנג
פון פרייד און לוסטיגקייט פערשטומען !
לאָזט הערען דומפּפען גלאָקען־קלאַנג !
זאָל אומעטיג דער אָרגעל ברומען !

אַרונטער אויף די קניע, אָ. וועלט !
פאַר דיעזע הייליגע רואינע,
דאָ האָט דאָס לעבען זיך געקוועלט,
דאָ שוועבט אַרומעט אַרביים'ס שכינה.

פון דאָ שפּראָצט אויף דער שעהנסטער קוסט,
פון העל'רע שטראהלען אויפגעצויגען —
דאָ פורעמט זיך די נייע ברוסט,
וואָס אַ פעריונגטע צייט וועט זויגען.



# די רויטע בהלה

(אויף פערברענטע פאבריק־מיידלעך אין ניו יארק)

---

ניט קיין שלאכט, ניט קיין פערטייפעלטער פאגראם
האט אנגעפילט די גרעסטע שטאדט מיט קלאגען;
די ערד האט ניט געציטערט אין איהר תהום,
עס האט קיין בליץ, קיין דונער ניט געשלאגען;
ס'האבען קיין שווארצע וועטער־וואלקענס ניט געקראכט,
און קיין קאנאנען ניט די לופט צואקערט —
א, ניין! דאס האט א מורא'דיגע העלל ערוואכט,
א שקלאפען־נעסט מיט שקלאפען ווילד געפלאקערט;
דאס האט דער גאלד־גאט מיט א בראנד־געלעכטער
געפרעסען אונז'רע זיהן און טעכטער,
געלעקט די לעבענס מיט זיינע רויטע צונגען —
זיי זיינען אין דעם טויט געשפרונגען,
אין זיין שוים געדרונגען,
ער האט זיי געכאפט, געלאכט, געזונגען...
ער האט זיי פערשלונגען.

* * *

זיי זיינען געזעסען אין זייער יאך פערטיעפט,
זייער שווייס האט געטריפט —
אין דעם פערטויבענדען געזשום
פון מאשינען ארום, —
ווען צעהן שטאק אין דער הויך,

האָט זיי פערוויקעלט דער רויך,
פערשפּונען דער פלאַם,
און אַ גלוטיגער ים
געפרעסען, געגנאַשט,
פערקויהלט, פעראַשט!

* * *

שוועסטער מיינע! יונגע שוועסטער!
מיינע יונגע ברידער!...
טרויערט מיינע ליעדער!
יאָמערט און טרויערט!...
זעהט ווי עס לויערט
פון טונקעלע נעסטער
דעם ארבייטער'ס טויט;
ווי ער האַלט זיין ברויט...
ווי ער גלאָצט ביי זיין טהיר,
ביי זיין אָרעם געצעלט —
וועה, וועה איז מיר!
וועה, וועה דיר, וועלט!

* * *

אַ שבת איז דאָס געווען,
אַן אַרבייטער'ס אַ שבת
זיין „קידוש" !... זיין „הבדלה" !...
די רויטע בהלה
איז פּלוצלונג געשעהן,
געשיקט פון דעם רייכען,
דעם פּרינץ פון געלד.

אַ, וועה אַהין אַ גלייכען!
פליסט טרערען־טייכען,
אַ פלוך דער אָרדענונג!
אַ פלוך דער אונאָרדענונג!
אַ פלוך דער וועלט!

* * *

אויף וועמען זאָל מען פריהער קלאָגען?
אויף די פערברענטע?
אויף די ניט־דערקענטע?
אויף די, וואָס קדיש זאָגען?
אויף די פערקריפעלטע,
פון „זיין" געטראָגען?
מיין טרערען־טייך
אויף אייך אַלעמען גלייך!

* * *

פערהיל זיך אין שוואַרצען, דו גאָלדען לאַנד!
צו טיעף דיין פערברעכען, צו שרעקליך דיין שאַנד,
צו טויב דיין געוויסען, צו בלינד דיין געזעץ,
צו טייפעלש דיין „האָוען", צו בלוטיג דיין נעץ,
דיין נעץ, וועלכער פאַנגט דיינע אָרעמע לייט —
ס'וועט קומען די צייט!... ס'וועט קומען דיין צייט!...

* * *

צינדט יאָהרצייט־ליכט אָן אין די אידישע גאַסען!
דער בראָך איז דער בראָך פון די אידישע מאַסען.
פון אונזערע מאַסען פער'חושך'ט און אָרעם.

ס'איז אונזער לויה, יא, — אונזערע קברים.
ס'האָט אונזערע קינדער, וועה, אונזערע בלומען,
דער פייער פון אונזערע אָרעמס גענומען.
וועה! אונזערע ליעבע פער'שרפה'טע קויהלען,
וועה! אונזערע פריידען אַ העללע מיט גרוילען,
וועה! אונזערע גליקען אַ באַרג מיט ארונות,
וועה! אונזערע זיסע — גיהנום זכרונות!...

* * *

אויף דיין געוויסען, רייכער, אונזער טרויער,
אויף דיין געוויסען אונזער קלאָג.
עס זאָל דורך נאַכט און טאָג
דיך שרעקען דער פערברענטער מויער,
און אונזערע טעכטער אין די פלאַמען
זאָלען דיין לעבען פער'סם'ען!
דיך זאָלען ביי דיינע פריידען,
ביי דיינע גליקען,
ווערגען, שטיקען
אונזערע ליידען!
ביי די שמחות פון דיינע קינדער
זאָלסטו פיהלען די קללה
פון דער רויטער בהלה,
און טאַפּען ווי אַ בלינדער
די ווענט מיט שרעקען,
ביז די צייט
ועט ברענגען די צייט
וואָס וועט דיך פערמעקען!

# צווײ בריעף

אויף דעם טויט פון די פערברענטע ארבייטער־מיידלעך.

---

קום אהיים, מיין טאכטער, קום אהיים צוריק.
פון אמעריקא האט אונז דערצעהלט א מאן,
אז ניט זיכער איז מען דארטען אין פאבריק,
אויף סכנות פאהרט מען אין דער אייזענבאהן.

אויפ׳ן פינפטען גארען וואוינט מען — אוי, א שרעק!
און א מענשענס לעבען איז ניט ווערטה קיין פיי׳ם, —
כ׳הער ניט אויף צו וויינען וואס דו ביזט אוועק.
קום צוריק, מיין טאכטער, קום צוריק אהיים!

משה ליפעס שרייבט זיין יענטען שלעכטע נייס:
„קארג מלאכה און א בעזער יקרות ברענט,
ארמע מענשען ארבייטען פאר יעדען פרייז —
הלואי וואלט איך אמער׳קא ניט געקענט!“...

„מיידלעך — שרייבט ער — פראצעווען ביי דער מאשין
פונקט ווי מענער אין ווארשטאטען ביים גענעה“ —
וועלכער גוטער יאהר האט דיך געיאגט אהין? —
קום צוריק, מיין טאכטער, ווארים איך פערגעה!

רחמיאל שמיעד האט צוגענומען א שטיק
פון מיין לעבען — כ׳האב דאס הערען ניט געקענט...

„הונדערט מיידלעך — שרייבט ער — אין אַ שאַפּ־פֿאַבריק
האָבען אין אַ פֿייער זיך אויף אַש פֿערברענט...“

„נואָרק“ הייסט די שטאדט, איז דאָס ניט נעוויאָרק? שרייב!
גאָט זאָל זיך דערבאַרמען, טאָכטער, וואָס איך הער! —
האָב רחמנות אויף דיין מאַמען און ניט בלייב
דאָרט אין דער פֿערשאָלטענער מדינה מעהר!

„דורך די פֿענסטער פֿון דעם אויבערשטען עטאַזש
זיינען זיי געשפּרונגען ברענענדיג אין גאַס.
גאַנץ אַמעריקאַ איז — שרייבט ער — פֿול מיט רעש,
מענשען געהען אומעט פֿאַר יסורים בלאַס“.

דיין פֿאָרטרעטעל, וואָס דו האָסט אַרויסגעשיקט,
האַלט איך איצטער... דו ביזט קיין עין הרע שעהן...
דאָך מיט דיר אַליין וואָלט איך זיך מעהר דערקוויקט...
קום, טאָכטעריל, אַהיים, דען איך זיץ און וויין!...

צו דעם צווייטען סדר ניט פֿערגעס אַ ליכט!
יאָהרצייט נאָך דיין טאַטען האָסטו דאַן...
אַך! מיר האָבען איהם פֿערלאָרען אומגעריכט,
דו אַ גוטען טאַטען, איך אַ טרייען מאַן!

פֿאָלג מיך! קום צוריק, מיין זיסע טאָכטער, קום!
פֿאָהר אַרויס נאָך יום טוב, שרייב מיר גלייך אַ בריעף,
קום, קינד מיינס, קום, איך געה פֿערצווייפֿעלט אַרום —
שרייב מיר אויס דעם טאָג און שרייב מיט וועלכער שיף.

זיי געזונד, מיין טאָכטער, צווישען פרעמדע לייט !
ווי דיר ווינשט דיין אַלטע מוטער פון דער ווייט —
קום אַהיים, מיין איינציגע, אַהיים צוריק,
און דערפרעה דיין מאַמען מיט דיין זיסען בליק.

* * *

דיין שרייבען, מוטער, ליעב און זיס,
דיין זעעלענפולער מוטער־בריעף
האָט מיר דערלאַנגט אַ שווערען ריס
אין מיין צובראָכ'נעם הארצען טיעף.
עס ריהרט מיך, מאַמעניו, דיין רוף,
דיין ערגערנים איז מיין געוויין —
ניין ! נואַרק איז ניט געוויאָרק, ניין !
ניט הער דאָרט יענעם מאַן,
ס'איז קיין סכנות ניט פאַראַן...
אין פאַבריק, וואו איך שאַף,
קען ניט זיין אַזא טראַף,
דען זי איז „פייער־פרוף"...
זי איז אַזוי געבויט,
אַז קיין פייער־טויט
קען קיינמאָל פאַסירען,
זי איז מירמעל און שטאָהל,
האָט אַ שטיינערנעם פאָל,
און האָט אייזערנע טהירען...
ס'ועט קיינמאָל ניט קענען
קיין פלאַם איהר פערברענען...
איך אַרבייט, אַ דאַנק גאָט, כסדר,
איך מאַך מיר אויף פסח קליידער...

ס'איז אמת אַ פּראַצע,
דאָך וואָס זאָל מען טהאָן?
מען ג'וואוינט זיך איין...
ווען מען האָט קיין מיליאָן
מוז אַזוי זיין...
איך שיק דיר אויף מצה,
אויף מעהד, אויף וויין,
אויף אַ נייע קלייד —
פערגיץ דאָס מיט פרייד!...
כ'וועל שטעלען אַ ליכט
פאַר מיין טאַטענס רוח,
כ'וועל וויינען דערצו...
ניט זאָרג זיך, מוטער,
ניט האָב קיין גריזאָט' —
ס'איז דאָ אַ הימעל,
ס'איז דאָ אַ גאָט...

* * *

אין דער פריה איז איהר ענטפער אַוועק,
אויף דער נאַכט האָט מען מיט שרעק
איהר צווישען די חורבות דערקענט,
אַ גלאָווניע, פערניכטעט, פערברענט
צוזאַמען מיט הונדערט אַנדערע „הענד"...

# דאָס שטים-צעטעל

דורך טייכען בלוט און בערגער טויטע
ערשיין איך ווי אַ ווייסע בלום,
די וואורצלען מיינע זיינען רויטע...
מיין בליהונג אָטהעמט מיט פּאַרפום.

איך בין די פרייהייט פון די מאַסען;
איך בין דער מענשהייט'ס עדלע שפּראַך;
איך בין דאָס רעכט פון אָרמע גאַסען,
איך האַלט די אָרמע מאַסען וואַך.

איך בין די קרוין פון וועלט'ס געוויסען;
די דעה בין איך און די קראַפט;
איך האָב די דורות דורך געריסען
צו קומען צו דעם מאַן, וואָס שאַפט...

איך בין די שעהנע בלום פון שלום;
איך בין דער אמת און דאָס רעכט;
איך בין דער פיעל־געווינשטער חלום
פון די בערויבטע, אָרמע קנעכט.

איך בין דער בליץ פון נייע געטער,
וואָס פלאַנצען גלייכהייט אויף דער וועלט,
איך בין דער שונא פון פעררעטהער,
וואָס בייטען אוים מיין רעכט פאַר געלד...

געניסט מיך! אָ, איהר שווער־געדריקטע!
איהר קינדער פון דעם טרערענרייך!...
געניסט מיך און איהר ווערט בעגליקטע,
איך מאַך אייך פריי, איך מאַך אייך גלייך...



# לעגענדען פון דער צוקונפט

עס גיבען די בלומען דעם הערליכסטען ריח,
עס גיבען די גרעזער ערקוויקונג און כח,
עס גרינט און עס בליהט, און עס שמעקט.
די פרעהליכע הויזגעזינד זיצט זיך צופריעדען,
די אַלטיטשקע באָבע, זי שמייכעלט אין מיטען,
אַ גליקליכער אייניקעל פרעגט:

„דערצעהל אונז דאָך, הארציגע באבעניו, וואָס
געוועזען אַמאָל איז אַזוינס „בעל־הבית“?
און וואָס איז געוועזען אַ „קנעכט“?
דו רעדסט פון דעם אָפּט און דיין טרער רינט אראָב,
דו וויעגסט מיט אַ מיטלייד דיין גרייז־גרויען קאָפּ,
וואָס מיינט דאָס? ערקלער דאָס אונז רעכט!

„וואָס מיינט דאָס אַן „ארבייטער“? וואָס מיינט דאָס פּריץ“?
וואָס מיינט דאָס אַ „יחסן“? וואָס מיינט דאָס „עם הארץ“?
זאָג! זיינען דאָס חיות געוועזען?
צי זיינען דאָס פלאַנצען, וואָס וואַקסען ניט מעהרער?
ערקלער דאָס אונז יונגע און גייציגע הערער!
דו האָסט דאָך די זאַכען געזעהן.“

און פּלוצלונג פערשווינדט פון דער באבעס געזיכט
דער רוהיגער שמייכעל, דאָס הייליגע ליכט,
אַן ערנסט פערציהט איהר דעם שטערן:

„די מעשה איז אומעטיג, טרויריג און אַלט,
יסורים ערוועקט זי און שרעק, און געוואַלט —
און ווילט איהר, טאָ שווייגט, וועט איהר הערען:

---

„דאָס איז געווען אַ צייט צוריק,
איהר ליעבע, זיסע קליינע,
אַן אָרדנונג אַ געמיינע
האָט ניט דערלאָזט דעם מענש צום גליק.

„די ערד מיט אַלץ א ו י ף איהר, א י ן איהר
האָב'ן איינצעלנע בעזעסען,
זיי פלעגען זויפען, פרעסען,
און זיינען שלעכט געווען אָהן שיעור.

„זיי האָבען אַלעסדינג געהאַט:
די הייזער, די מאַשינען,
דער עולם פלעגט זיי דיענען
און פלעגט זיך מיהען מיעד און מאַט.

„ס'איז שלעכט געוועזען, זעהר שלעכט.
עס פלעגען אין פאַבריקען
זיך יונגע קינדער שטיקען,
און זיינען שוין געוועזען קנעכט.

„זיי האָבען זיך געשפּיעלט ניט לאַנג,
פון שול ניט לאַנג געגאַסען,
עס האָט זיי פריה געשלאָסען
דער עלענד אין זיין שווערע צוואַנג.

„זיי זיינען אויסגעוואקסען דום,
פערפינסטערט און פערלאָרען,
גאַנץ יונג פערגרעבט געוואָרען,
און וואָס מען האָט גערופען „פרום“...

„דאָס זיינען „אַרבייטער“ געוועןְ.
אַ יעד'רער אַן „עם הארץ“,
געאַרבייט פאַר דעם „פריץ“
וואָס פלעגט אויף יונגע לעבענס געהן.

„און ווייל ער פלעגט קיין זאַך ניט טהאָן
און צעהרען פרעמדע שווייסען,
פלעגט ער דאָס „יחסן“ הייסען,
געהער'ען צו דער „גאָלד'נער פאָהן“.

„דען אַרבייט איז אין יענער צייט
געוועןְ אַ ביט'רע שאַנדע.
אַ לעדיגגעהער־באַנדע
האָט מען גערופען „גרויסע לייט“.

„אַן אַרבייטער האָט מען פערלאַכט
און ניצליכקייט געלעסטערט,
עס האַבען זיך געשוועסטערט
רעגיערונג, רעליגיאָן און מאַכט.

„וואו האָט מען קינדערלעך ווי אייך
געזעהן אין גראָז און בלומען

בײטאָג װי ביהנען זשומען ?
דאָס האָט אַמאָל געהײסען „רײך“.

„איך האָב אַפּולע מיטגעמאַכט,
מײן הארץ פלעגט פיעל מאָל בלוטען.
אַ, שרעקליכע מינוטען !
אַ, אַלטע, שװאַרצע, װיסטע נאַכט !“

---

די זקנה איז געװאָרען שװאַך
פון איהרע פינסטערע בעריכטען.
„אָ, באָבעניו, דו װײסט אַ סך,
אַ סך גאָר מורא׳גע געשיכטען.

„די שעהנע קינדערלעך, אָ. װעה,
צו די מאַשינען יונג פערטריעבען.
אַ גרױסער עלענד איז אויף זײ —
װי זאָל מען קינדערלעך ניט ליעבען ?

„זײ האָבען זיך געשפּיעלט ניט לאַנג,
און לאַנג קײן בלומען ניט געקליעבען.
זײ האָט געדריקט אַ שװאַרצע צװאַנג —
װי קען מען קינדערלעך ניט ליעבען ?

„דערצעהל אונז, באָבעניו, נאָך מעהר
די מעשה׳לעך פון יענע יאָהרען,
װיש אָב, װיש אָב פון באַק דײן טרער,
און זאָג, װי איז דאָס אַלץ געװאָרען.“

---

„געהט, קינדערלעך, שפּיעלט זיך אַרום אין די צווייגען,
עס שמעקט, און עס זינגט, און עס שיינט,
אַ צייט אויף צו רעדען, אַ צייט אויף צו שווייגען,
דערווייל וועט גענוג זיין אויף היינט.

„איך וועל אייך חלילה קיין זאַך ניט פאַרבאַרגען,
אויף גיך ווערט מען קיינמאָל ניט קלוג.
איהר זאָלט זיך דערוויסען פיעל מעהר זאַכען מאָרגען,
אויף היינט אָבער ווייסט איהר גענוג."

# שמע ישראל

איך ווייס צוויי ווערטער פרעכטיגע,
זיי לינד'רען אָפט מיין וועה,
זיי אָטה'מען כחות מעכטיגע,
ס'ליעגט הימעלס־גוואלט אין זיי.

איך ווייס זיי פון מיין קינדער צייט.
עס ציטערט אויף מיין קול
ווען אין די פעלקערס בלינדער צייט
איך שריי מיין שמע ישראל.

---

די וועלט האַלט זיך אין וואונדערען
אויף די צוויי ווערטער לאַנג.
ס'איז שווער מיך אָבצוזונדערען
פון זייער הייל'גען קלאַנג.

זיי ליעגען אין נשמה מיר,
כ'געדענק זיי יעדעס מאָל.
און זוך איך אַ נחמה מיר,
דאַן קרעכץ איך שמע ישראל.

---

דער שונא זאָגט : „איך מאַך פון דיר
אַ תל, ווע͏סט ווערען מיד.“

---

*) די ערשטע פיער שורות פריי נאָך אַ רוסישעס געדיכט.

דאָך איך זאָג: „נאַר, איך לאָך פון דיר,
איך בין און בלייב אַ איד."

מיין קראַפט בענעהמט קיין מח ניט,
זייט יאָהרען אָהן אַ צאָהל.
ניין! ערדיש איז מיין כח ניט,
דאָס איז מיין שמע ישראל.

---

אויף שייטערהויפענס ליעגענדיג,
אויף שפּאַניענס גלויביגקייט —
ווען שונאים האָבען זיעגענדיג
געברענט מיין אייביגקייט;

בין איך אין פייער ברענענדיג
געבליבען הארט ווי שטאָהל,
און האָב מיין רעכט בעקענענדיג
געשריען שמע ישראל.
אין טיעפעניסען זינקענדיג,
אין בלוט און גאַל און שאַנד;
אין יעדער וועה זיך טרינקענדיג
אין יעדען פרעמדען לאַנד;

מיין שמע ישראל שרייענדיג
בין איך צו'ר ליכט אַרויף,
גאָר וואונדערליך בעפרייענדיג
די נשמה און דעם גוף.

---

מיין קאמפף איז א פערשריעבענער
אויף יעדען שטיין אין פעלד,
כ'בין איצטער א פערטריעבענער,
א וואגלער אין דער וועלט;

נון, שפאן איך הארציג לאבענדיג,
מעג זיין מיין וועג ווי שמאל —
די נעכט די שווארצע וואכענדיג
צוקלינג איך שמע ישראל.

# ספירה

אַ צייט אויפ'ן פריהלינג געוואַרט,
דאָך קוים נעהמט דאָס לעבען די לירע,
איז פּלוצלונג די האָפנונג גענאַרט
און זינקט אין דעם אומעט פון ספירה...

פערשטומט ווערען פיעדעל און פלייט,
און חופות, און פרייד מוזען שווייגען,
עס רייסט זיך דער אומעט פון קייט,
עס וויעגט זיך אַ וועה אין די צווייגען.

איך שטעה ביי די בליהענדע בוימער
און טרויעריג צעהל איך דעם „עומר"...

---

עס שמייכעלט אַרונטער די זון,
די פויגעלעך טרילערען שירה,
ס'איז פריהלינג! וואָס האָב איך דערפון?
איך צעהל אַ פערזאומערטער ספירה.

דאָס האַרץ איז צובראָכען און באַנג,
די וועלט איז אַזוי ווי ניט מיינע —
כ'מוז אויסמיידען לוסט און געזאַנג,
און וויכען די בלומען די פיינע...

איך שטעה א פער'אבל'טער טרוימער
און כליפּענדיג צעהל איך דעם „עומר"...

אַזוי, אָ, פּערוועלק איך און דאַר
זייט איך האָב קיין רוהיגע דירה,
עס דריקט מיך אַ ביטערער צער,
עס נאָגט מיך און פּלאָגט מיך די ספירה.

עס האָט מיין נשמה קיין עהל,
זי לייכט ניט און לאַכט ניט, זי טאָר ניט...
אין בעסטען פאַל צעהל איך און צעהל...
ווען ס׳קומט צום סך־הכל איז גאָר ניט...

„ער צעהלט !...“ שרייט מיט קנאה דער „כומר“,
דאָך איך צעהל די טעג פון דעם „עומר“...

---

איך צעהל ביז אין זומער אַריין,
ביז וואַנען דער זאַנג נעהמט זיך בויגען,
ביז אַלץ איז פערגאָסען מיט שיין
און טיעף־בלוי און העל איז דער בויגען.

און אויפמערקזאַם צעהל איך און היט
מיין חשבון פון טעות, כ׳האָב מורא —
די אונטערשטע שורה איז איד,
איך קום צו קבלת התורה...

איך בין איהר אומזיסטיגער שומר...
אַן עלענדער צעהל איך דעם „עומר“...

# שבת חזון

איך הער אַ פּעראומערטען טאָן,
אַן אַלטען, טיעף־דיהרענדען נגון.
דאָס יאָמערט דער „שבת חזון“,
דער חרבן, וואָס ווערט ניט אַנשוויגען.

דער פויגעל פּייפט אומ'טיג אין וואַלד,
די ווינטלעך די לינדע פערשטומען.
עס וואַכט אויף אַ גרויער געוואַלט
און פאַנגט אָן מיט וועהטאָג צו ברומען.

דער חזן שפּרייט אויס זיינע הענט
און פּרייכט אַזאַ האַרציגע תפלה.
די שול וויינט, עס וויינען די ווענט,
עס קרעכצט מיט אַ שמערץ די קהלה.

וואָס איז מיר? וואָס איז מיר געשעהן?
איך פיהל אַזאַ דריקען און פּרעסען:
מיר זיינען אַ אומה געווען, —
דאָס איז אַזוי שווער צו פערגעסען!

מיר האָבען דאָס שעהנסטע פערמאָגט,
דאָס העכסטע און בעסטע געגעבען.
ביי אונז האָט דער וועלט־טאָג געטאָגט,
דאָס גרויסע, דאָס אייביגע לעבען.

נביאות און חכמות, און ג׳זאַנגען,
און שעהנהייט, און ליעבע, און פּראַכט,
זיי זיינען מיט אונז שוין געגאַנגען
ווען שרעק האָט געוועבט נאָך די נאַכט.

געשיקט האָט אונז אופיר זיין גאָלד
און גלעד — די טייערסטע בשמים.
די צייט האָט אין פרייד זיך געפראהלט
געשמייכעלט אין אונזערע כרמים.

עס האָט אונז דער הימעל געלאַכט,
דאָס פרוכטפולסטע פעלד אונז געוואונקען,
אַזוי זיינען מיר אונבעטראַכט
פאַר וואוילטאָג אין לייכטזין פערזונקען.

עס האָט אונז דער נביא געווערט,
געשטראָפט און פאָראויס-געזאָגט ריטער...
דאָך מיר האָבען עולות געמעהרט
און יאָמערען איצט אַזוי ביטער...

מיר האָבען נאָך ווינד זיך געיאָגט,
נאָך רויך און נאָך שטויב זיך געטריעבען...
מיר האָבען אַ היימאַטה פערמאָגט
און זיינען פערוואָגעלט געבליעבען!

מיר זיינען געוואָרען בעטויבט,
ניט מעהר געוואָלט הערען און וויסען.

די פאַלשע נביאים געגלויבט,
די אמת'ע — שענדליך פערשמיסען.

איצונד איז פערשוואַכט אונזער ברוסט,
צודאַרט און צוטריקענט פון באַנגען.
מיר זיפצען אַ צעהרענדען גוסט
אנשטאַט יענע זיסע געזאנגען.

עס זאָגען זיך פעלקער „התחדש",
דערביי איז ניטאָ אונזער נאָמען.
דער חזן זאָגט טרויעריג קדיש,
מיר ענטפערען אימה'דיג „אמן"...

אַ וועה און א גרויל נעהמט מיך אָן
ביים טרערען־טאָן פון „לכה דודי"
פון שרעקליכען שבת־חזון,
ווען איך און גאָט טרויערעןביידע.

וואו ביזטו, וואו ביזטו, מיין רוה?
מיין אַלטער אַמאָליגער חלום?
וואו ביזטו מיין שבת נחמו,
מיין פרעהליכער „בואי בשלום"?...

וואו ביזטו, וואו ביזטו, אַ, קוואַל,
פון וואו איך זאָל פריידליכקייט טרינקען?
וואו ביזטו, פערשפראָכענער שטראַהל,
וואָס זאָל צו מיר שפיעלען און ווינקען?

וואו ביזטו, וואו ביזטו, אָ, לאַנד
נאָך וועלכען עס דורשטען די בליקען?
וואו ביזטו, אָ, פריינדליכע האַנד
אום מיינע מיט ליעבע צו דריקען?

וואו ביזטו, דו ענדליכער ציעל,
דער סוף פון די בלוטיגע שטראָמען,
נאָך וועלכען עס לעכצט מיין געפיהל
און כ׳ווייס ניט זיין ריכטיגען נאָמען...



# גלות

מיר מוזען אין דעם פריי'סטען לאַנד
גאַנץ אָפּט אַרונטערשלינגען שאַנד.
וואָס מעהר מיר טויגען פאַר דער וועלט
אַלץ מעהרער ווערען מיר געקוועלט,
אַלץ ענגער ווערט אונז אונזער תחום,
אַלץ מעהרער וואָגלען מיר אַרום,
אַלץ שרייט דאָס און עס ווערט ניט מיד:
„גיט אַכטונג! דער פערדאַמטער איד!“

מיר טראָגען אונזער אַלטע וואונד
אויף אַ סכנות'דיגען גרונד,
ניט וויסענדיג פאַרוואָס און וואו,
ניט האָבענדיג קיין רגע רוה.
די פאָלעס אויסגעשפּרייט אין ווינד,
פון פאַרענט און פון הינטען הינד...
און גור עס ליאַרעמט, קאָכט און זידט:
„גיט אַכטונג! דער פערדאַמטער איד!“

„גיט אַכטונג!“ קלינגען האַס און שלאַכט.
מיר וואַנדערען פון נאַכט צו נאַכט,
פון טייוועל צו זיין פריינד דעם שד,
צו נאַכטען אין אַ פּחדים־בעט,

און איידער עס קומט אָן דער טאָג
בעגעגענען אַ נייעם קלאָג,
צו הערען ווי פערניכטונג ציהט:
„גיט אַכטונג! דער פערדאַמטער איד!“

און אונז'רע פיהרער, אונזער פיין,
בעגריסען יעדען פאַלשען שיין;
דערלאַנגען נחת'דיג אַ שפּרונג
פון יעדען רוח'ם לעערען קלונג;
פון יעדען עשיו'ם כיטרען קום;
פון יעדען גוט-בעצאָהלטען גרום;
און זיינען טויב און הערען ניט
דעם שטילען „גאָט פערדאַמטער איד“...

# אַ חלום

איך האָב אַמאָל אַ רייכען טרוים פערמאָגט,
אַ גערטעלע מיט פויגעלעך דערין,
ווי ליכטיג און ווי גאָלדיג און ווי גרין!
יעדוועדער טאָג האָט שעהנער אויפגעטאָגט.
מיין חלום ליעגט בעגראָבען,
מיין גערטעלע צושטערט,
די זיסע פויגעל האָבען
צו זינגען אויפגעהערט.
דער טאָג גיט קאַלט מיר שלום,
מיין נאַכט פערמאָגט נור שרעק,
מיין שעהנער, אַלטער חלום,
אַוועק... אַוועק... אַוועק...

# פאָעזיע און קונסט

זיי א דיכטער!

ווען דו געהסט אין וועג אַליין
און לערנסט; ביזט אַ איד —
זאָג ניט „אַ, ווי רייך עס בליהט!
אַ, ווי הערליך און ווי שעהן
איז דער אַקער, איז דער בוים!“
שווייג! דאס איז אַ פוסטער טרוים...
ניט בעוואונדער שטן׳ס גליקען!...
ס׳טאָר די ערד דיך ניט ענטציקען!
זיי ניט מפסיק! לערען, לערען!...
זאָל קיין שעהנהייט דיך ניט שטערען!
זאָל פון גרינעם פעלד די מעלות
ניט פערשוועכען דיין התפעלות...
לערען... לערען!...

זיי א קינסטלער!

זונען־אויפגאַנג אויפ׳ן ים,
ווי מאַיעסטעטיש און ווי ווילד!
ביזט געפאַנגען פון דעם בילד,
פיהלסט אין האַרץ די גרויסע פלאַם...
אַך! פערגעס, פערגעס דאַס, קינד!
מאַכען בילדער איז אַ זינד!

די נאַטור מיט איהרע גבורות
ניט בעוואונדער... מאַך קיין צורות,
קיין געשטאַלט פון דר'ערד, פון אויבען,
דו זאָלסט אין דיין קונסט ניט גלויבען!...
וואָס דעם מענשענ'ס האַנד קען מאַכען
זיינען טרויעריגע זאַכען...
לערען... לערען!...

# ערב יום כפור

וואָס ציהט מיר אין הארץ און וואָס בענק איך?
וואָס טונקט זיך אין אומעט מיין קול?
אַן ערב יום כפור געדענק איך
ביי היימישע אידען אַמאָל.

דער טיש איז מיט ווייסען בעצויגען,
מיט גלאַנציגע לייכטער בעשעהנט.
די מאַמע מאַכט צו איהרע אויגען
און בענשט, ליכט און כליפּעט, און וויינט.

דער טאַטע אין ווייסע בגדים,
זיין קאפּעל ווי שנעע אויפ'ן קאָפּ,
דער זיידע איז וויים ביז אַ פאָדים,
זיין באָרד הענגט ווי זילבער אראָב.

מען וואַשט זיך און זעצט זיך פערפאַסטען,
די ביסענס מיט טרערען געמישט.
עס ווערט פון געווירציגען קאַסטען
די חלה מיט האָניג געטישט.

און זיפצען נאָך זיפצען זיי קומען
פון הערצער מיט ציטערנים פול.
מען עסט און מען בענשט מיט מזומן,
מען וויינט און מען גרייט זיך צו שול.

ס'בעט איינער דעם אַנדערען איבער
און יעדערער שענקט און פערגיעבט.
עס געהען די אויגען אַריבער,
עס לייכט די נשמה און ליעבט.

דאַן לעגט מען די הענד אויף די קינדער,
מען בענשט זיי מיט צערטליכען בליק:
„אָ, ווערט אונז צום גיי יאהר ניט מינדער,
און לעבט אונז צו נחת און גליק!"

. . . . . . . . . . . .

מיר פעהלען קיין ליכט און קיין לייכטער,
איך האָב שוין תעניתים געשמאַכט...
מיר ווערען די בליקען אַלץ פייכטער
ווי ערב יום כפור פאַרנאַכט...

מיך אַרט ניט קיין זיסע המוציא,
איך זוך קיין מזומן ניט מעהר...
איך בין אָהן די זאַכען שוין יוצא,
איך גיב וועגען זיי גיט קיין קלער.

איך דאַרף ניט מחילה געהן בעטען,
איך פיהל קיין פערברעכען אין זיך.
דאָס לעבען האָט מ י ך גאָר צוטרעטען,
געקירצט און בעליידיגט בין א י ך!

מיר פעהלען נור האַרציגע מענשען
אין אָט די פערשאָלטענע וועלט —
וואָס זאָלען מיך ליעבען און בענשען,
די ברכה איז דאָס, וואָס מיר פעהלט.

# די טויב

עס שטעהט דעם רבינ'ס טאָכטער,
אַ קינד פול חן און ליב,
און ביי איהר בוזים ציטערט
אַ זילבער־ווייסע טויב.

די פליגעלעך געבונדען,
די פיסעלעך אין פיין.
עס זאָל דער אָרמער פויגעל
באַלד די כפרה זיין!

די פרומע זאָגט פון סדור
און גיט מיט וועה אַ הויב
איהר חנ'עוודיגע פריינדין,
די שטילע ווייסע טויב.

„דו שעהנע רבינ'ס טאָכטער,
אָ, לאָז מיך דאָך צורוה!
וואָס האָב איך דען געזינדיגט?
בין אונשולדיג ווי דו!"

דאָך הינטען גלאַנצט דער חלף
און פאָדערט גיך זיין רויב.
עס צאַפּעלט זיך דער קרבן
אין גלויבען, בלוט און שטויב.

# משה רבינו

דער גילום האָט זיין וויעג געוויעגט,
זיי ליולו־ליעד געזונגען.
רחמנות האָט זיין גייסט ענטציקט,
זיין בוזים דורכגעדרונגען.

ער האָט צום ערשטען מאָל דערקענט
זיין פאָלק אין פייער־דאָרען:
דאָס ברענט און ווערט אַלץ ניט פערברענט,
און ווערט אַלץ ניט פערלאָרען...

ער האָט געהערט דעם הימעלס שטים
פון לעבען און בענייאונג:
„דער קנעכט איז עלענד, געה צו איהם,
דערצעהל איהם פון בעפרייאונג!“

ער פאָלגט אויף גיך, ער וואַרט נים לאַנג,
ער געהט דעם מענש ערוועקען...
ער מאַכט דעם שטעקען פאַר אַ שלאַנג,
די שלאַנג צוריק אַ שטעקען.

ער פיהרט די קינדער פון זיין שטאַם
פון קנעכטשאַפטס פינסט'רע דירה,
ער שפאַלט פאַר זיי דעם רויטען ים...
און מוילערט פרייהייטס־שירה.

ער פיהרט זיי פון דער לאנגער נאַכט
דורך מדבר און דורך יאָהרען,
און האָט צום סיני זיי געבראַכט,
דאָרט ווערן זיי ניי געבאָרען...

דער סיני ברענט, דער „דאָרען" ברענט,
אַ ציטערנים, אַ מורא, —
ער האָט זיי דאָרט מיט גאָט בעקענט,
בעקענט זיי מיט זיין תורה.

דער סיני רויכערט זיך און פלאַמט,
דער שטן האָט קיין תקומה —
עס ווערט די שקלאַפעריי פערדאַמט,
עס לעבט די פרייע אומה.

דאָס איז דער קנעכט פון „אלהים",
דער איד, דער מענש דער נייער —
מיר זעהען אין דעם וואַסער איהם,
מיר זעהען איהם אין פייער...



# ביים סדר-טיש

וככה תאכלו אתו.... מתניכם הגרים...
ומקלכם בידכם.... (שמות, בא).

אין אַ קיטעל ביי דעם סדר
אָנגעטהאָן אין קבר־קליידער
זיצט דער איד ביים מצה־טיש.
זיינגע ליידען אין מצרים
און זיין פינסטערען עד היום,
האַלטען איהם זיין יאָמער פריש.

העלע ליכט און פולע כוסות,
מצה, זרוע און חרוסת,
אָבער מרור... מרור אויך...
אַך! די פרייד פון דער גאולה
און די שעהנע, אלטע גדולה
זעהען זיך ווי דורך אַ רויך...

פיעל גאולות, פיעל משיחים,
דאָך ער טראָגט נאָך אַלץ תכריכים
אין זיין פרעהליכסטען מאָמענט,
מיט אַ גאַרטעל אויף די לענדען
גרייט צו געהן די אויגען בלענדען,
מיט אַ שטעקען אין די הענד!

אַלטע קשיות, אַלטער תירוץ!
אַלץ נאָך מוז ער יעדען שרץ
זיפצענד אָבטרעטען דעם וועג.
אַלטער סדר, אַלטער קידוש,
זיסער טרויער, אידיש... אידיש...
דורות־ווייט נאָך צו אַ ברעג.

ס׳בלייבט אין נביא׳ס כוס אין גאַנצען
רויט ווי בלוט די שמחה גלאַנצען,
טונקט אין דעם זיין ליפּ ניט איין.
גלות וויין, געפּרעסט אין גלות,
דורכגעמישט מיט טויטע קללות,
און געפאַרבט מיט אונזער פּיין...



# אבגעוועהנט

פון געווירצ׳גען לאַנד פערטריעבען,
צאַפּלען מיר זיך אין פאַבריק.
קומען מיר אין פעלד צוריק,
קענען מיר דאָס מעהר ניט ליעבען.
פרעמדע, קוקען מיר זיך אום
קאַלט און טרוקען אויף אַ בלום;
פרעהען אונז ניט מעהר די קוויטען,
טרעטען מיר אויף זוי׳רע בייטען...

# דער אידישער טאַלענט

ווי אין הערבסט די פויגלעך, איבער ווילדע ים'ען,
איבער האָריזאָנטען פליהען פון די פרעסט,
לאָזענדיג פערוויסט דעם אָרט פון וואו זיי שטאַמען,
אין די ווייטע לענדער זוכענדיג אַ נעסט;

פונקט אַזוי, אַ וואָגעלט, פון זיין היים געשיעדען,
עלענד און אַליין, צו פרעמדקייט צוגעוועגדט —
די נשמה יתירה פון דעם אָרמען אידען,
פונקט אַזוי, אַ, זוכט דער אידישער טאַלענט.

אַך! ער האָט קיין היים ניט, האָט קיין אייג'נעם הימעל,
האָט קיין אייג'נעם באַרג ניט, האָט קיין אייג'נעם טהאָל,
אויף זיין ענגען „איצטער" ליעגט אַ דיקער שימעל,
און ער ציהט זיין חיות נור פון זיין „אַמאָל".

די, וואָס איהם בעגרייפען, ליעבען און פערשטעהען
האָבען אויך קיין היים ניט, וואָגלען פונקט ווי ער,
טראָגען איהם אין הארצען טיעף מיט זיי'רע וועהען
און זיין נאָמען שווימט אין זייער הייסען טרער.



# אַלץ צופיעל

אונזער פּרוטה שטעכט די אויגען,
אונזער עלענד זעהט ניט קיינער.
אַך! מיר אָרמע, אָרמע וויינער,
אין אַ קנאה־לופט ערצויגען!
אויגען בליצען,
ציינער קריצען,
אַלץ איז פיעל,
וואָס מיר בעזיצען,
אַלץ איז פיעל און קרענקט דעם וואָרים...
אַלץ, חוץ אונז׳רע פיעלע קברים.

# קריסטוס

איך קען דעם אידעל פון נצרת *),
דעם טיעף אין נויט געבאָר'נעם קינד,
זיין אָבשטאַם איז ניט מיין אינטערעס
און איך פערגעס זיין מאַמע'ס „זינד“.

זיין שאַרפעס וואָרט אַנטגעגען רייכען
און געגען פריעסטערס פרומען רויב,
איז גרויס, ערהויבען אָהן אַ גלייכען,
פערדיענט די טיעפסטע הערצענסלויב.

כ'שעץ דעם סטאָליאר־בעל־מלאכה
ביים דלאַט, ביים הובעל, ביי דער זעג.
מיך אַרט אַ האָר ניט זיין משפחה,
ער געהט אַליין זיין אייג'נעם וועג.

איך האָב איהם ליעב דעם בראַוון מענשען,
וואָס רייכע הערצען האָבען פיינד.
מיין גרעסטע פרייד איז איהם צו בענשען
אַלס ברודער, מענש און ליעבען פריינד.

איך ליעב ווען ער רעדט משה'ס ווערטער,
פון מענשענליעבע, — הלל'ס וואָרט.

*) יעזוס איז געבאָרען אין דער שטאדט נצרת.

איך האָב איהם ליעב אין אַלע ערטער,
וואו ער איז איד און מענש געפּאָרט.

אַלם איד גיט ער דעם אמת חיות,
אַלם מענש איז ער דעם שקר'ם שטער,
דאָך אַלם אַ גאָט איז ער מיר מאום,
און אַלם גאָטם זוהן נאָך מאום'ער.

איך ליעב איהם ווען ער טרייבט דעם עושר
מיט כעס פון דער גן עדן'ם טהיר,
און פאָדערט עהרליכקייט און יושר
פון בייטעל־מאַן און שטראָפט דעם גביר.

דאָך ווען איך זעה ווי ער „דער גוטער",
וואָס „האָט די מענשהייט ליעב געהאַט",
פעריאָגט פון זיך זיין אייג'נע מוטער,
דאַן זעה איך, אַז ער איז גע'שמד'ט!

און אַ משומד האַס איך שרעקליך,
איך האַס איהם ווי אַ פאַלשען גאָט,
זיין גאַנצע גוטסקייט ווערט מיר ברעקלעך —
זיין „ליעבשאַפט" ווערט ביי מיר אַ שפּאָט.

זיין קאַמפף מיט רוחות און מיט שדים
ערוועקט מיר עקעל אָהן אַ סוף,
און זיינע וואונדער ווערען בוידים
און ער ערשיינט מיר גאָט'ם אַ שטראָף.

ווען איך דערמאָהן מיך די פּאָגראָמען,
די ווילדע אידענשלאַכטעריי,

געמאַכט אין זיין געלויבטען נאָמען,
זיין בילד ערגלאַנצענדיג דערביי;

ווען איך דערהער זיין אָרגעל זינגען
און זעה זיין גלח שוואַרץ בעדעקט...
דערביי די בלוטיג־רויטע קלינגען
אין הענד פון קריסטען אויסגעשטרעקט;

ווען כ'זעה ווי זיינע פריעסטער בויען
דעם לייטער צו זיין קעניגרייך,
זיך באַדענדיג אין ווייַן און פרויען,
און ווערענדיג דורך ליגען רייך;

דאַן איז ער מיר אי שאַנד, אי מורא,
מיט פחד ציטערט אויף מיין האַרץ —
איך פיהל די „ליעבע" פון זיין תורה...
ס'ווערט מיר פאַר די אויגען שוואַרץ.

ער איז קיין מענש מעהר און קיין גאָט ניט,
די טומאה שוועבט איהם איבערן קאָפּ —
זיין לעהרע איז מיר קיין געבאָט ניט,
ער איז אַ חטא, ער שטויסט מיך אָב.

עס קען פון מיר קיין ליבּ בעקומען
אַזאַ מין גאָט, אזא מין מאַן,
וואָס זיינע שעהנסטע גייסטעס בלומען
צובליהען זיך אין וואַטיקאַן. *)

*) דער פּלאַץ אין רוים, וואו דער פּאַפּסט וואוינט.

# די בעגעגענים

א פינסטערע נאכט אין ליסבאָן.
פון קעניג'ס פאלאץ פאלט קיין שיין ניט מעהר.
ביים טהויער וואכט קיין גוואַרדיע מיליטער,
און אויף דעם אָרט פון אַלטען טהראָן
הענגט פון דער רעפובליק די פאָהן.

די קלויסטערס — הויפענס פון גראַניט.
די מאַרמאָרנע אַלטאַרען — שטיקער ברוך.
צוריסען ליעגט אין שטויב דעם גלח'ס בוך.
מען פרעפּעלט מעהר קיין יעזוס־ליעד.
קיין מענך און קיין מאָנאַשקע קניעט.

א חורבן אין דער זאַקריסטעי;
צוריבט, צוהאַקט די הייליגע געשיער.
די „מוטער גאָטעס" — קויטיג ביי דער טהיר.
דערויסען הילכט א שפּאָט־געשריי:
„בעט קריסטוס איצט אין אייער וועה!..."

א זעלנער ברעכט דעם אָרגעל, שרייט.
און שילט דעם פּאַפּסט, און שלאָגט די רעהרען ווילד,
און שפייט און שימפּפט אויף מאַגדאַלענא'ס בילד...
אזוי האָט פּאָרטוגאַל א צייט
געשענדט דעם אידען'ס הייליגקייט.

קיין קעניג מעהר אין פּאָרטוגאַל.
פעריאָגט דער קעניג און זיין פריינד דער פּריסט.
די קירכע, ווי דער שלאָס היסטאָר׳שע מיסט...
עס קלעבט אויף זיי פון פאָלק די גאַל,
וואָס האָט דערנעה׳נטערט זייער פאַל.

* * *

ביים טהויעה פון שטאָדט בעגעג׳נען זיך צוויי, —
פערוויקעלטע געזיכטער האָבען זיי.
ס׳איז איינער שוואַרץ, דער צווייטער ווייס ווי שנעע.
זיי בלייבען פערגאַפט, און קוקען זיך אָן
אין דער ענטשוויג׳נער נאַכט נעבען ליסבאָן.
און יעדערער שאָקעלט זיין שאָטען־קאָפּ.
זיי גלאָצען זיך אָן און שטעלען זיך אָב.

„מיין נאָמען איז קרייץ” — זאָגט דער שוואַרצער גיך —
דער ווייסער אויף דעם: „ספר תורה בין איך!
איך האָב אַ שליחות איצונד פאַר זיך.
עס שיקט מיך מיין גאָט, וואָס איז הויך און גרויס,
צו שטעהן דערביי ווי מען טרייבט דיך ארויס.

„אַדיע! מיין ראַכע איז ענדליך געשעהן.
איצט געה איך דאָס זעלבע אין שפּאַניען זעהן.
עס איז אייער ברענען מיך אומזיסט געווען.
אַזוי ווי איך קום איצט אין פּאָרטוגאַל,
אַזוי וועל איך קומען נאָך דיר איבעראַל.
איך לאָך פון דיר, דו בעשעפער פון נאַכט,
דער אמת זיעגט; די גערעכטיגקייט וואַכט.”

# משה רבינו'ס שאטען

טשעכיש, פון יאראָסלאַוו ווערכליצקי.

---

ער געהט פון בארג מיט די לוחות אראָב.
זיין אויג איז העל, אַ ליכט בעשטראַהלט זיין קאָפּ.
אַ גאָט, גיגאַנטיש קומט ער אָן צוריק.
עס קניעט דאָס פאָלק אין טהאָל און מיט אַ בליק
פול צוטרוי קוקט דאָס אויף זיין האר'ס געזיכט:
„ער האָט גערעדט מיט גאָט, געטרונקען ליכט,
פערבראַכט מיט שרפים אין דעם שטערען־ים,
נו, ברענגט ער אונז די תורה, זעהט די פלאַם!
די קרוין פון „השמל" אויף זיין מח גלאַנצט!
דער וואָלקען איהם דעם הויכען שטערען קראַנצט!
מיר זאָלען שטענדיג פאָלגען איהם ווי היינט!
ער איז אונז פיהרער, פאטער, העלד און פריינד!"
זיי נייגען זיך פון עהרפורכט דורכגעוועהט,
דאָך דאָרטען, וואו דער שווארצער וואָלקען שטעהט
קוקט ווילד א טייל פון פאָלק מיט שרעק און גרויל,
אַ פחד שניידט זיך אַרום זייער מויל,
זיי זעהען אונטער זייער נביא'ס טריט
געהט פוס אין פוס אַ ריעזענשאַטען מיט.
די אָקס־קלוי פורכטבאַר הויבט ער, זעהען זיי,
און אויף דעם שטערען האָט ער הערנער צוויי.
אַ שטיינער־טאָוועל האַלט ער אין די הענד.
„דער שטן, זעהט!" קלינגט דורכ'ן פאָלק די רייד,

„געהט משה'ן נאָך, דער וויסטער פרינץ פון לייד,
ער האָט פון גאָט זיך גנב'יש אָבגעווענדט,
טרעפט אונז זיין שטיין, דאַן זיינען מיר פערלענדט,
דען ווען, ער זוכט נור אונזער אונטערגאַנג!“ —

* * *

אַזוי ווען שפּעטער אָפּט אין פאָלק די שלאַנג
האָט בעז ערוואַכט, מיט טייפעלשען פערלאַנג,
דאַן איז דאָס נור דורך די אַליין געשעהן,
וואָס האָבן דעם שאָטען געהן פון באַרג געזעהן...



# דאָס לעצטע קינד

עס דאַמפּפט דער גילוס־טהאָל, די לופט איז הייס.
עס מיהט זיך ביי אַ פּיראַמיד
פון אַלע אידען נור איין איד.
זיין לייב איז נאַס פון טרערען און פון שוויים.

דער „נוגש“ שטעהט און טונקט זיין רויטע רוט
אין שוואַכען גוף פון אָרמען קנעכט,
וואָס פאַלט אין שוואַרצען יאָך, וואָס ברעכט
און פיהלט ניט ווי עס טראָפט זיין הייסעס בלוט.

די זונן האָט זיך פערנייגט און איז אוועק,
פון ווייטען קוקען שטיל און באַנג
חרטומים אויף דעם שטערענגאַנג...
אַרום איז טיפע איינזאַמקייט און שרעק.

די שקלאַפען ליעגען שוין אין שויס פון שלאָף.
ער איינער מאַטערט זיך, ער וואַכט:
זיין אַרבייט איז נאָך ניט געמאַכט.
ער קען די ווילדע, שוידערדיגע שטראָף:

פינף קינדער זיינען שוין אַריינגעבויט,
שטאַט ציעגעל, אין דער וויסטער וואַנד.
איין קינד נאָך האָט ער, — אויף זיין האַנד
דערפיהלט ער קאַלט דעם ריהר פון טויט.

די לבנה וואַרפט איהר בלאַסע ליכט
אויף יענעם לייטער, וואו ער שטעהט.
ער זעהט ווי יעדעס קינד זיינס געהט
אַרוים פון וואַנד מיט טויטקייט אין געזיכט.

און טויזענד אַנד'רע קינדער־צורות שטיל,
זיי שטאַרען פון דעם פּיראַמיד.
ער קוקט... איהם ציטערט יעדער גליעד.
עס שטיקט די נאַכט־לופט און עס דאַמפּפט דער ניל.

די קינדער־ליפּען ריהרען זיך, ער הערט
דעם נאָמען „משה" אויפ'ן וואָהר —
און באַלד קלינגט אוים אַ יונגער כאָר...
„אז ישיר" זינגט דאָס און דער הימעל שווערט...

ער בלייבט צומישט פאַר שרעק און פּיין,
דער „נוגש" דונערט אוים: „געשווינד,
אַהיים! מאַך גרייט דיין לעצטעס קינד!
קום מאָרגען פריה און מויער איהם אַריין!"

ער איז אַוועק, געפאָלגט די רוט אויף גיך —
און איז געקומען פריה צוריק,
מיט יאוש אין זיין טריבען בליק —
ער האָט געבראַכט זיין איינציג קינד מיט זיך.

פון אַרביימס־לייטער טראָגט זיך אַ געוויין.
און מיט זיין קינד פון פּיראַמיד

אראָבגעשפּרונגען איז דער איד
און זיך צושמעטערט אָן דעם לעצטען שטיין.

* * *

דער מאָרגען פון זיין ווייסען אויבענ־אָן,
האָט אומעטיג אראָבגעבליקט
און גאָט האָט די מינוט געשיקט
די לעצטע שטראָף אויף פרעה׳ס בעזען טהראָן...

# שרה בת אשר

זיצט דער אַלטער יעקב, זיינע ווייסע לאָקען
ציטערען אין אבענד־ווינטעל ווי צושראָקען,
און די אייניקלעך אַרום, ווי העלע שטערען,
לייכטען, שמייכלען, שפּיעלען, זינגען זים און ווינקען,
דאָך פערטרויערט קוקט ער ווי דער טאָג מוז זינקען,
זיינע מידע אויגען ווערען פול מיט טרערען.

לאַנג איז איהם די זון פון האָפענונג פערזונקען,
און מיט יאוש, צער און זיפצען אָנגעטרונקען
קומט די שטומע, אומעטיגע נאַכט די טריבע.
טרוימען שוידערדיגע מאַכען קראַנק און בלאַס איהם,
און זיין האַרץ פערבלוטיגט ווי די „כתונת פּסים“ :
טויט דער ליעבלינג פון זיין ערשטע, ריינע ליעבע.

פערצעהן לאַנגע יאָהר, די שעהנסטע פון זיין לעבען,
פאַר זיין זיסע רחל'ען האָט ער אָבגעגעבען,
אייביג וואָלט ער זיין אַ שקלאַף איהר צו בעזיצען,
דאָך איהר ערשטע פרוכט, — ווי קען ער דאָס פערגעסען ? !
אַך ! אַ חיה רעה האָט איהם אויפגעפרעסען.
יוסף !... ס'ענטפערען נור דונערען און בליצען...

„זיידע“, רופען איהם די אייניקלעך און גלעטען,
אָבער ער איז שטאַרק פערטיעפט אין שטילען בעטען.
אַלע טעג דערזעהט ער, וועלכע דאַרפען טאָגען,

אַלע טיעפע סודות איז מען איהם מגלה
און די ווייטסטע צוקונפטס־דורות זעהט ער אַלע,
בור אַוואו זיין קינד איז, וויל מען איהם ניט זאָגען.

זיין נבואה האָט ניט מעהר דעם שאַרפען כח
יענע קרוין צו זעהן, וואָס שטראַהלט אויף יוסף'ס מח;
יענעם גאָלד'נעם גלאַנץ פון גדולה און פון טרייע.
שווערע שמערצען קנייטשען זיינע בלייכע באַקען,
אַך! ער הערט ווי יוסף'ס יונגע ביינער קנאַקען
אין די שפּיציג־שאַרפע צייהנער פון דער חיה...

און זיין גרויער קאָפּ פאַלט מיד און מאַט אַרונטער
אויף דער זאָרגענפולער ברוסט. די זון געהט אונטער.
שאָטענס שפּרייטען זיך אויף פעלדער און אויף גאַסען.
און די קוואַלען אין די אַלטע, שוואַכע אויגען,
וועלכע קומען טיעף פון הארץ און מארך געצויגען,
פינקלען אין די לעצטע בלוטיג־רויטע פאַסען...

* * *

אַ וואָלקען פון שטויב שטייגט אַרויף פון דער ערד
און שאָטענס פון קעמלען און עזעל, און פערד
בעוועגען זיך לאַנגזאַם ווי דורך אַ טומאַן,
דאָס פאָהרען און רייטען, בעלאָדען מיט גליק,
די זיהן יעקב'ס איצט פון מצרים צוריק,
צו שטילען דעם הונגער אין מאָגערען כנען.

זיי קומען מיט גייסטער פון שמחה בעוועבט
און רעדען מיט שטוינען: „און יוסף, ער לעבט...“
און שרה בת אשר קומט אונטער, זי שוועבט,

זי כאַפּט אויף די בשורה מיט ליכט אין איהר בליק
און אָט איז זי וויעדער ביים זיידען צוריק:
„אָ, זיידעניו, זיידעניו, דיין יוסף לעבט!“

* * *

יעקב׳ס גייסט האָט גלייך זיך אויפגעוועקט,
פלוצלינג האָט דער סוד זיך איהם ענטפּלעקט,
זיין נבואה פאַנגט אָן וויעדער שוועבען.
„שרה, טהייער איינִיקעל דו מיין!
דיעזער וואָרט זאָל דיר אַ ברכה זיין,
דו זאָלסט זוכה זיין גאַנץ לאַנג צו לעבען!“

„אמן, — זאָגט זי — זיידעניו.“
און זי קושט דעם גרייז,
וועלכער האָט געגעבען איהר
אַ געבענשטען לעבען איהר
פאַר די גוטע נייַ׳ס.

* * *

פיער הונדערט שווערע יאהר געשקלאַפט,
פאַר פרעה׳ן פעסטונגען געשאַפט,
דאָך גאָט האָט זייער קרעכץ פערנומען.
ער האָט זיין נביא זיי געשיקט,
מיט פרייהייטס־ליעבע זיי בעגליקט
און די גאולה איז געקומען.

נור פלוצלינג שרייט אַ שטימע „ניין!“
איהר זייט פערשוואָרען ניט צו געהן,
פון גלות זיך ניט ריהרען קיינער.

איהר טאָרט ניט אין דעם טמא׳ן לאַנד
אין קללות לאָזען און אין שאַנד
דעם צדיק יוסף׳ם הייל׳גע ביינער!“

און משה שווייגט, עס שוויגען שטיל
די אידען. אין דעם טיעפען ניל
ליעגט שטיל פערבאָרגען יוסף׳ס ארון.
עס ברעכט פאַר מורא יעדע ברוסט.
ס׳איז קיינעם ניט דער אָרט בעוואוסט.
מען בלייבט אין שווערען יאָך פערלאָרען.

דאָך עס בעווייזט זיך אַ געשטאַלט,
אַ פרוי אַ שאַטען, וועלק און אַלט,
אַן איבערבלייב פון לאַנגע יאהרען —
זי האָט נאָך יוסף׳ן געזעהן,
ביי זיין לויה נאָך געוועזן,
דאָס לעבט נאָך אַלץ אין איהר זכרון.

איהר דאַרע האַנד ווינקט משה׳ן צו,
די טרוק׳נע ליפּען פּרעפּלען וואו
עס ליעגט דער הייליגער, דער ריינער.
און משה זאָגט דעם „שם“, עס זידט
און קאָכט דער שטומער גרונד און גיט
אַרויס מיט שרעק די טייע׳רע ביינער.

* * *

און קוים האָט זי געזאָגט דעם סוד,
האָט איהר געהאַלזט אַ זיסער דרימעל,
ס׳איז די נשמה פון בת אשר

ריין און כשר,
ארויף אין הימעל,
ארויף צו גאָט
מיט לויב און דאַנקבאַרקייט אַפּולע —
דאָרט לעבט זי און וואַרט
ביז אויסגע'צער'ט
דעם אידענ'ס לעצטער יאָמער,
קיין וועה, קיין שרעק ניטאָ מעהר —
זי זאָל אויך ביי דער יונגסטער גאולה
טרייסטען די פערשקלאַפּטע וויינער
און רעטען פאַר איהר אומה
פון דער טומאה —
די פערגעס'נע ביינער...



# מרים׳ס ברונען

אַן אונענדליך גרויסער חמימה־ים פון אויבען
און אַ ברענענדיגער זאַמד־ים אונטען.
פריי פון פרעה׳ס שוואַרצע שקלאַפען־גרונטען
ששים רבוא זעעלען גרייט צו גליק און גלויבען
פיהרט דער גאָט־מענש משה, דער ערלייזער,
אידען׳ס ערשטער, לעצטער גייסט׳גער קייזער.

ס׳געהט אַ וואָלקען־זייל ביי טאָג דעם וועג צו ווייזען
זיי, ביי נאַכט — אַ פייער־זייל צו לייכטען.
נור קיין טהוי דעם באָדען צו בעפייכטען,
און קיין איינצ׳גער טראָפען וואַסער, ווי פון אייזען.
דאָך די מחנה זאָל אין דורסט ניט זינקען!
איהר בעגלייט אַ שטיין, וואָס גיט איהר טרינקען.

נאָך די וואַנד׳רער קייקעלט ער זיך ווי אַ צויבער
פול מיט פרישע לאַבונג און ערקוויקונג,
פול מיט זיסע ברכות און ענטציקונג —
קרעפטיגט דאָס דער וועלט פון ערשט געבאָר׳נע גלויבער.
אין דעם זכות פון מרים די נביאה
געהט דער קוואַל מיט איהר אויף גאָט׳ס נסיעה.

שטרענג געהיט דעם נילוס האָבען איהרע אויגען
וואו דער פאָלקס־בעפרייער איז געשוואומען,
ליעבע האָט איהר הארץ אַרומגענומען,

און זי האָט געשיקט אַ מוטער איהם צו זויגען...
דאַרום זאָל איצונד איהר כשר'ער לעבען
אין דער וויסטעניש צו טרינקען געבען.

זי די ערשטע האָט דעם פרייהייטס־פויק געשלאָגען
ווען דער רויטער ים האָט זיך געשפּאָלטען,
ווען דער דריקער האָט מיט גאַל געשאָלטען,
דעמאָלט האָט איהר לויב, איהר שמחה זיך געטראָגען.
פאַר דעם נייעם גייסט, וואָס איז געבאָרען,
איז איהר „זיין" אַ לעבענס־קוואַל געוואָרען.

---

עס ברענט די זאַהאַראַ ווי צונגטער,
די מדבר־זון וואַרפט הייסע וואונדען.
די וואַנדלענדע מאַסע געהט אונטער:
פון שטיין איז דאָס וואַסער פערשוואונדען.

ניטאָ מעהר דער הייליגער וואונדער.
דאָס פאָלק גיסט מיט טרערען אומזיסטע:
„ער ליעגט פון דער מחנה בעזונדער
פערשאָלטען אַ שטיין אין דער וויסטע"...

עס ברענען די ליפּען, די צינגער,
עס טריק'נען די יאַפּלעס, דער גומען.
מען בייסט זיך פאַר ווערטאַג די פינגער
פאַר דורסט, אַ זופּ בלוט צו בעקומען.

די עופה'לעך נעבעך פערגעהען,
זיי שמאַכטען אַ טרונק, זיי געלוסטען,

זיי ציהען מיט ברענענדע וועהען
אומזיסט ביי די מוטערס די ברוסטען.

עס שרייען די שקלאַפען פאַר וועהטאַג
און ליאַרמען מיט שנאה אויף משה'ן:
„ווער האָט זיין בעפרייאונג דען נויטיג?
ווי גוט איז געווען אונז אין גושן!

„ווער האָט איהם געבעטען זיך מישען?
מיר זיינען זיך רוהיג געזעסען...
ווי לאַבונגדיג זיינען די פישען
געווען אין מצרים צו עסען!...

„די טעפ מיט די פליישען ביי פרעה'ן!
זיי פלעגען פון ווייטען אונז ווינקען;
איצט מוזען מיר דורסטען און דאַרען —
אהער גיב אונז וואַסער צו טרינקען!"

---

און משה לויפט אין „אהל מועד" פאַר שרעק.
„פאַר דיינע קינדער, גאָט, לויף איך אוועק,
וואָס האָסטו פון מיין לעבען, זאָג, געוואָלט?
ווי האָבען זיי מיר פאַר מיין מיה בעצאָהלט!"

ער שטעהט פערביטערט, ווינט און בעט, און קלאָגט.
זיין שוועסטער מרים'ס טאָג איז אָבגעטאָגט,
זי איז געשטאָרבען, — גרוים איז זיין געוויין.
ניטאָ זי מעהר. — עס ליעגט אַ טרוק'נער שטיין...

די מאַסע שרייט: „עס פאַלען אוים די שאָף;
פון אונז'רע אָרמע רינדער ווערט אַ סוף.
קיין וואַסער קומט, קיין טראָפּען רעגען געהט,
דער מדבר איז מיט טויטע שאָף פערשפּרייט!"

קוים האָבען זיי דערמאָנט די שאָף מיט וועה,
האָט גאָט געזאָגט צו משה'ן: איצטער געה,
און זאָג דעם שטיין: ער האָט גענוג גערוהט,
ער מוז זיין וואַסער געבען די מינוט.

ס'איז ניט דער דור המדבר די געפאַהר,
נור אויף די אונשולדיגע שאָף דער צער.
דער שקלאַף איז ערגער ווי דאָס שטומע רינד,
וואָס שימפּפט קיין פרייהייט און בעגעהט קיין זינד.

---

דער נביא געהט צום שטיין מיט שנעלע טריט,
דער שטעקען גרייט אין זיינע שטאַרקע הענד —
זיין צאָרען אויף דער דומער מאַסע ברענט,
געדענקט פאַר אויפרעגונג גאָט'ס ווערטער ניט...
ער שלאָגט פאַר כעס דעם שטיין, און די מינוט
צוגיסט זיך אויפ'ן זאַמד אַ שטראָם מיט בלוט.

עס קוקט דאָס פאָלק און שטוינט און משה שרייט:
„אָ, וועה! אָ, וועה! וואָס מוז איך איצטער זעהן!
אָ, וואָס איז מיט מיין שוועסטער'ס זכות געשעהן.
וואָס האָט געקוויקט אונז אַזאַ לאַנגע צייט?"
און פון דעם הימעל קומט אַ שטים פערצאָגט:
„האָסט ניט געפאָלגט, וואָס איך האָב דיר געזאָגט.

„דו האָסט געטהאָן ווי ס'האָט דיין כעס געלוינט,
האָסט מ אַ כ ט אנשטאט דאָס עדלע וואָ ר ט געניצט,
נו, זעהסטו שוין דיין ביט'רען טעות איצט.
האָסט זיך צופיעל צום „שטעקען" צוגעוואוינט...
דו האָסט זיך אויסגעלערנט ווערען שלעכט,
בעהערשען שטאט צו ליעבען אָרמע קנעכט.

„טאָ ווייס־זשע איצט דעם סוד! געדענק איהם גוט!
אַוואו עס גילט דאָס וואָרט, ניט ניץ קיין גוואַלט,
דו ביזט אַ נביא, ווער קיין גאָט ניט באַלד!...
אָפט גיט דער „שטעקען" גאָר ניט מעהר ווי בלוט...
ניט ווייז די גבורה פריהער פאַר'ן געפיהל!
ניט קאָך זיך דאָרט, וואו דו קענסט זיעגען שטיל!"

און גאָט האָט צו דעם שטיין געשעפּצעט שטיל.
(דער זינד'גער נביא איז געוואָרען בלייך).
דער שטיין האָט גלייך געפּאָלגט, ז'געוואָרען ווייך...
און פון זיין האַרץ האָט זיך געגאָסען קיהל
און קלאָר, און פריש דער לאָבונגדיגער טרונק.
געטרונקען האָבען אַלע, אַלט און יונג,
און מענש און טיער. דאָס פאָלק האָט גאָט געגלויבט,
גענאָסען און פערשטאַנען, און געגלויבט.



# בעקליידען דעם דלות

עס איז אמאָל געווען אַ מאַן,
וואָס האָט קיין מזל ניט געהאַט.
דער שיקזאַל האָט געמאַכט איהם מאַט.
זיין יעדער איינפאַל, יעדער פּלאַן
פלעגט שטענדיג ענדיגען מיט נישט.
האָט רק זיין פייכטען בליק געווישט.

ער איז געווען אַ מענש מיט הארץ.
געדאַווענט לאַנג, געלערענט פיעל,
נור דאָס האָט ניט געפיהרט צום ציעל.
זיין הימעל איז געבליעבען שווארץ,
זיין שטערען האָט זיך ניט געקלערט,
עס איז קיין גוט׳ס איהם ניט בעשערט.

און זיצענדיג איינמאָל אין קלויז
מיט דעם תהלים׳על אין האַנד —
האָט אויפגעלויכטען זיין פערשטאַנד:
יא, ער וועט ציהען פון דעם הויז.
ס׳זאָל אפשר גאָר די דירה זיין
די סיבה פון זיין גרויסע פיין?

פּראָבירען מזל איז קיין זינד.
פיליכט וועט אין אַ נייעם אָרט
דאָס לעבען אומבייטען די קאָרט

און ברענגען אַ געווינס געשווינד?
געטראַכט, געטהאָן, ער פּרובט, ער ציהט.
די האָפענונג אין הארצען גליהט.

* * *

נו, איז ער אין אַ נייע דירה
און ניי קומט אויך דער ווינטער אָן.
עס קנייפּט דער פראָסט זיין אייז'גע לירע,
עס גרוילט און שוידערט יעדער טאָן.

די ווילדע שטורמווינטען רייצען
דער וועלט מיט זייער בעזע רוט.
מען מוז איצט מאַכען פייער, הייצען.
עס גליווערט אין דעם גוף דאָס בלוט.

עס איז נאָך דאַ אַ דריי—פּיער קוילען.
צום אויווען אירט דעם אביון'ס בליק.
דאָך זעה! אַ מענשעלע אַ הוילען
בעטראַכט ער דאָרטען זיצענדיג.

אין קאַלטען אויווען זיצט דער הוילער
און ציטערט. ריהרט זיך ניט פון פלעק.
פון דאָרטען גלאָצט מיט האס און גרויל ער
די גרויסע אויגען מיט אַ שרעק.

„ווער ביזטו?" שרייט דער פרישער שכן
צום נאַקעטען פערזעהענים —
וואָס ביזטו דאַ אריינגעקראָכען?
אַרוים! דו טייוועל, הויל און מאוס."

— און ווילסטו וויסען, וויים־זשע אַלעס —
געענטפערט האָט דאָס מענשעל — הער!
זיי וויסען דאָס איך בין דיין דלות
און דו האָסט מיך געבראַכט אהער.

„געבראַכט! דו שלאַנג פון מיין גן־עדן,
אַרוים! איך ברעך דיר יעדען ביין."
— דאָך דו מוזט פריהער מיך בעקליידען,
איך קען אַ נאַקעטער ניט געהן.

„בעקליידען! יאָ, מיין לעצטען גראָשען
בעצאָהל איך פאַר אַ מלבוש דיר.
האָסט שיער מיין גלויבענס־ליכט פערלאָשען,
איצט... קינדער, רופט אַ שניידער מיר!

„ער זאָל דעם דלות מיר בעקליידען!
איך וויל ניט מעהר ביי מיר די פּלאָג.
איך מוז מיך ענדליך מיט איהם שיידען
און זאָל ער שווינדען מיט מיין קלאָג!"

דער שניידער מעסט און מאַכט דעם בגד
און האָט דאָס האַסטיג אָבגעבראַכט,
דאָך וועה! זיין קונסט איז איהם כנגד:
די אַרבעל זיינען קורץ געמאַכט.

דער דלות בעז: „איז ניט פאַראַנען
אַ גוטער שניידער, וואָס איהר קענט?
איך קען דאָך ניט אַוועק פון דאַנען
אין פראָסט און ווינד מיט הוילע הענד..."

דער אביון בּאָרגט אין קראָם: „ס'איז וויכטיג
עס זאָל איהם פּאַסען," קרעכצט זיין קול.
די אַרבּעל זיינען איצטער ריכטיג,
דער סטאַן איז אָבּער פיעל צו שמאָל.

דער דלות הערט ניט אויף צו פּרעפּלען
און שטעכט דעם שניידער מיט זיין קוק:
— איך מוז דאָך זעהן זיך צו פּערקנעפּלען,
זאָנסט כאַפּ איך, גאָט בּעהיט, אַ צוק...

דעם אביון'ס בּליק ווערט פייכט און פייכטער:
„דער אונגליק בּלייבּט מיר אַלץ געטריי,"
דאָך ער פערזועצט די שבּת־לייכטער
און האַנדעלט סחורה פון דאָס ניי.

דער שניידער מעסט דעם דלות וויעדער:
„איצט מוז דאָס פּאַסען אות פּאַר אות."
ער מעסט איהם איבּער אַלע גליעדער,
ער נעהמט איהם פּאָרזיכטיג אַ מאָס.

די מאָס געהט איבּער אַלע מאָסען.
עס גרענעצט אַזש מיט פּאָעזיע.
דער מלבּוש ליעגט ווי אויסגעגאָסען,
דאָך גרייכט ער קוים, קוים בּיז די קניע.

„פערפלוכטער הונד!" שרייט אוים מיט וועהטאָג
און בּיטערקייט דער אָרעמאַן —
„צו וועלכען בּראָך האָבּ איך דיך נויטיג?
צו וואָס בּיזטו בּיי מיר פּאַראַן?

„וואָס שפּיעלסטו מיר פאַר אַ קאָמעדיע ?
דו פינסטערער גיהנום־קויט !
דאָס ענדיגט גלייך מיט אַ טראַגעדיע,
פערדאַמטער גייסט ! איך שלאָג דיך טויט.“

* * *

דער דלות האָט ניט פיעל געטראַכט,
ער האָט געענטפערט און געלאַכט :
— מיין פריינד, פערליער ניט די געדולד !
דען אַלעס איז דיין אייג'נע שולד.

— דיין ציהען אין דער נייער היים
האָט שיער געקאָסט דיר יעדער פּיים,
בעקליידען מיך האָסטו געזאָרגט,
נו, האָסטו סחורה צוגעבאָרגט.

— די לייכטערלעך האָסטו פערזעצט,
האָסט זיך געבלוטיגט ביז צו לעצט.
כ'בין אַלץ דערפון געוואַקסען מעהר,
געוואָרען הויך און ברייט, און שווער.

— צו טויטען סטראַשעסטו גאָר מיך.
דו שוטה ! איך בין אונשטערבליך.
דעם דלות — שלינג די טרערען, שלינג ! —
בעקליידט מען, פריינד, ניט אַזוי גרינג.



# ונתנה תוקף

(פריי איבערזעצט)

---

און מיר וועלען די שטארקע הייליגקייט
פון אָט דעם שרעקענס־טאָג דערצעהלען גלייך,
דען ער איז פול מיט גרויל און פאָרכטיגקייט,
און אין איהם ווערט הויך דיין קעניגרייך.
און עס ווערט אָנגעברייט
דיין שטוהל מיט גנאָד,
אָ, גרויסער גאָט! —
דו זיצסט אויף איהם געגרייט
מיט רעכט צום גייעם יאָהר.
יא, אמת, דאס איז וואָהר,
ווייסט אַלץ, — פערגעסט ניט, ניין, —
ביזט ריכטער און קלאָגער.
ביזט עדות־זאָגער
און שטראָפער און שרייבער,
און מעשים־קלייבער,
און זיעגלער, און ווייסער,
אָ, הימעלשער קיסר! —
ביזט אַלץ און אַלץ אַליין.

---

דו מאַכסט דעם ג'דיינק־בוך אויף
עס ווערט פון איהם געלעזען
אַלץ, וואָס עס איז געוועזען —

און יעדער מענשענס האנדשריפט רעדט
פון אט דעם בוך ארוים און בעט.
עס הילכט א גרויסען שופר׳ס רוף,
און א בעהאלט׳נע שטים
דערהערט זיך זאכט פון א י ה ם,
פון גאט אליין. עס איילען, פליה׳ן
די מלאכים, און א ציטער
נעהמט אן זיי פאר׳ן געביטער —
א מאט׳רען און א פלאט׳רען,
און זיי קלאגען און זיי זאגען:
„דאס איז דער יום הדין,
צו ריכטען די גרעסטע,
די העכסטע, די בעסטע
אין טאג פון געריכט,
דען ס׳װעלען קיין יחסנים
ניט האבען קיין פנים
פאר דיין אויג׳ס קלארען ליכט.
און געבאר׳נע אהן שיעור,
זיי געהען פארביי דיר
אין שורות אהן סוף —
װי יונגע שאף.“

---

װי דער פאסטוך פארשט זיין סטאדע,
פיהרט זיי דורך אונטער זיין רוט.
צעהלט זיי איינציגװייז, צעהלט גוט,
אזוי פיהרסטו און צעהלסט,
און רעכענסט, און געדענקסט,
און פארשסט און היטסט, און ברענגסט

די זעעל פון אַלע בעשעפעניסען
פאַר דיין וויסען.
דו מיידסט ניט קיינעם,
שניידסט יעדען איינעם
אַ געזעץ פול עהרליכקייט,
און אַלע לייט
פערשרייבסטו זייער דין,
וואו יעדער זאָל אַהין.

---

אום ראש השנה ווערט פערשריעבען,
און אום יום־כפור ווערט פערזיעגעלט,
וואָס מיט יעדוועדען איז פערבליעבען,
ווען ער האָט זיך אין זיך געשפיעגעלט...
וויפיעל עס זאָלען פערלאָרען ווערען,
וויפיעל עס זאָלען געבאָרען ווערען;
ווער עס זאָל לעבען
און ווער עס זאָל שטאַרבען,
ווער עס זאָל שטרעבען
און ווער עס זאָל דאַרבען,
ווער ס'זאָל לעבען פול זיין צייט
און ווער — ניט גרייכען וויים...
ווער דורך וואַסער; ווער דורך פייער
זאָל פערגעהן, און ווער דורך שווערד;
דורך אַ חיה און דורך הונגער,
און דורך דורסט, דורך פעסט, דורך שטורם —
ווער און ווי ס'זאָל ווערען ערד...
ווער עס זאָל דערוואָרגען ווערען;
ווער געשטייניגט;

ווער צושיידט און ווער פעראייניגט;
ווער עס זאָל
דעם עלענד'ס קול
קיינמאָל ניט הערען,
און ווער ס'זאָל וואַנדערען,
פון איין אָרט צום אַנדערען;
ווער די שטילקייט זאָל געניסען;
ווער — ווערען צוריסען...
ווענען ס'זאָל קיין פריעדען מיידען,
ווער עס זאָל יסורים ליידען;
ווער אָרעם און געבלייכט זיין;
ווער גליקליך און ערהויכט זיין.
און תשובה און תפלה און צדקה
(יא, בעטען און פאַסטען, און געלד...)
פערמיידען דעם גזר
און מילדערען צער,
און העלפען די שטערבליכע וועלט.

---

דען ווי דיין נאָמען איז דיין לויב,
האָסט מיטלייד אויף דעם שטיקעל שטויב...
ביזט צו דערצאָרענען ניט גרינג,
צו איבערבעטען — פלינק.
פערלאַנגסט דעם טויטענס טויט ניט,
נור זיין חרטה — ער זאָל לעבען.
דו וואַרטסט איהם ביז זיין ענד,
און ווערט ער גוט,
איז די מינוט
עמפפאַנגסטו איהם אין דיינע הענד,

וואו ליכט און פריעד זיך וועבען.
ס'איז וואהר, ביזט זייער אַרכיטעקט,
זיי זיינען דיר געגוי ענטפלעקט,
קענסט זייער יעדע שוואַכקייט גוט,
אַז זיי נור זיינען פלייש און בלוט.

---

דעם מענשענ'ס ווערטה,
זיין שטאַם איז ערד,
און ערד זיין סוף,
זיין לאַנגער שלאָף.
מיט לעבענס ג'פאַהר
ברענגט דער נאַר
זיין שטיקעל ברויט
יא, מיט'ן טויט.
אַ וויסטער שאַרבען
איז ער;
אַ דומער קלער;
אַ דאַרער גראָז,
אָהן אַ צוואוואָס
געמאַכט, — צום שטאַרבען! —
אַ שאָטען, וואָס פערגעהט;
אַ וויכער, וואָס פערוועהט;
אַ שפּראָצונג, וואָס פערבליהט;
אַ וואָלקען, וואָס ווערט נ י ט;
אַ חלום, וואָס פערפליהט.

---

אָבער דו קעניג, גאָט, ביזט לעבענדיג.
דו ביזט און בלייבסט אויף שטענדיג.

# חד גדיא

(פריי איבערזעצט)

---

הערט־זשע אוים דאָס ליעדעלע!
איין ציקעלע... איין אידעלע,
איין דעליקאַטנע בריאה,
וואָס דער טאַטע האָט געקויפט
— ווי די שעהנע מעשה לויפט —
גאָר פאַר אַ מציאה.
איין ציקעלע, איין ציקעלע.

קומט אַ ווילדע קאַץ געשפרונגען
גיפטיג, בעז און האָט פערשלונגען
אָט די שוואַכע בריאה,
וואָס דער טאַטע האָט געקויפט
— ווי די שעהנע מעשה לויפט —
גאָר פאַר אַ מציאה.
איין ציקעלע, איין ציקעלע.

קומט דער הונד פון קייט געריסען
האָט די ווילדע קאַץ געביסען,
וועלכע איז מיט כעס געשפרונגען
און האָט בלוטיג איינגעשלונגען
אָט די שוואַכע בריאה,

וואָס דער טאַטע האָט געקויפט
— ווי די שעהנע מעשה לויפט —
גאָר פאַר אַ מציאה.
איין ציקעלע, איין ציקעלע.

איז דער שטאָק פון וואַלד געקומען
און האָט זיך צום הונד גענומען,
וועלכער האָט, פון קייט געריסען,
ווילד די ווילדע קאַץ געביסען,
וועלכע איז מיט כעס געשפּרונגען
און האָט בלוטיג איינגעשלונגען
אָט די שוואַכע בריאה,
וואָס דער טאַטע האָט געקויפט
— ווי די שעהנע מעשה לויפט —
גאָר פאַר אַ מציאה.
איין ציקעלע, איין ציקעלע.

קומט אַ פייער, קומט מיט שרעקען,
און פערברענט דעם שטאַרקען שטעקען,
וועלכער איז פון וואַלד געקומען
און האָט זיך צום הונד גענומען,
וועלכער האָט, פון קייט געריסען,
ווילד די ווילדע קאַץ געביסען,
וועלכע איז מיט כעס געשפּרונגען
און האָט בלוטיג איינגעשלונגען
אָט די שוואַכע בריאה,
וואָס דער טאַטע האָט געקויפט

— ווי די שעהנע מעשה לויפט —
גאָר פּאַר אַ מציאה.
איין ציקעלע, איין ציקעלע.

קומט דער וואַסער אָט דער שרייער
און פערלעשט דעם גרויסען פייער,
וועלכער האָט, מיט האַס און שרעקען,
אַש געמאַכט פון שטאַרקען שטעקען,
וועלכער איז פון וואַלד געקומען
און האָט זיך צום הונד גענומען,
וועלכער האָט, פון קייט געריסען,
ווילד די ווילדע קאַץ געביסען,
וועלכע איז מיט כעס געשפּרונגען
און האָט בלוטיג איינגעשלונגען
אָט די שוואַכע בריאה,
וואָס דער טאַטע האָט געקויפט
— ווי די שעהנע מעשה לויפט —
גאָר פּאַר אַ מציאה.
איין ציקעלע, איין ציקעלע.

קומט דער אָקס אין דורסט פערזונקען
און האָט זשעדנע אויסגעטרונקען
אָט דעם וואַסער אָט דעם שרייער,
וואָס פערלאָשען האָט דעם פייער,
וועלכער מיט צופלאַמטע שרעקען
האָט פערברענט דעם שטאַרקען שטעקען,
וועלכער איז פון וואַלד געקומען
און האָט זיך צום הונד גענומען,
וועלכער האָט, פון קייט געריסען,

ווילד די ווילדע קאַץ געביסען,
וועלכע איז מיט כעם געשפּרונגען
און האָט בלוטיג איינגעשלונגען
אָט די שוואַכע בריאה,
וואָס דער טאַטע האָט געקויפט
— ווי די שעהנע מעשה לויפט —
גאָר פאַר אַ מציאה.
איין ציקעלע, איין ציקעלע.

קומט דער שוחט אָנגערימען,
האָט דעם אָקס די האַלז געשניטען,
ווייל ער האָט, איין דורסט פערזונקען,
מיט אַ זשעדנעקייט געטרונקען
אָט דעם וואַסער אָט דעם שרייער,
וואָס פערלאָשען האָט דעם פייער,
וועלכער מיט צופלאַמטע שרעקען
האָט פערברענט דעם שטאַרקען שטעקען,
וועלכער איז פון וואַלד געקומען
און האָט זיך צום הונד גענומען,
ווילד די ווילדע קאַץ געביסען,
וועלכער האָט, פון קייט געריסען,
וועלכע איז מיט כעם געשפּרונגען
און האָט בלוטיג איינגעשלונגען
אָט די שוואַכע בריאה,
וואָס דער טאַטע האָט געקויפט
— ווי די שעהנע מעשה לויפט —
גאָר פאַר אַ מציאה.
איין ציקעלע, איין ציקעלע.

קומט דער מלאך המות אויבעט
מיט זיין קלינג און שעכט דעם שוחט,
וועלכער איז זיך אָנגעריטען
און דעם אָקס די האַלז געשניטען,
ווייל ער האָט, אין דורסט פערזונקען,
מיט אַ זשעדנעקייט געטרונקען
אָט דעם וואַסער אָט דעם שרייער,
וואָס פערלאָשען האָט דעם פייער,
וועלכער מיט צופלאַמטע שרעקען
האָט פערברענט דעם שטאַרקען שטעקען,
וועלכער איז פון וואַלד געקומען
און האָט זיך צום הונד גענומען,
וועלכער האָט, פון קייט געריסען,
ווילד די ווילדע קאַץ געביסען,
וועלכע איז מיט כעם געשפרונגען
און האָט בלוטיג איינגעשלונגען
אָט די שוואַכע בריאה,
וואָס דער טאַטע האָט געקויפט
— ווי די שעהנע מעשה לויפט —
גאָר פאַר אַ מציאה.
איין ציקעלע, איין ציקעלע.

נו, קומט גאָט פון די ערבות
און ער שעכט דעם מלאך המות,
וועלכער מיט אַ שוואַרץ געלעכטער
אָבגעשאָכטען האָט דעם שעכטער,
וועלכער איז זיך אָנגעריטען
און דעם אָקס די האַלז געשניטען,

ווייל ער האָט, איין דורשט פערזונקען,
מיט אַ זשעדנעקייט געטרונקען
אָט דעם וואַסער אָט דעם שרייער,
וואָס פערלאָשען האָט דעם פייער,
וועלכער מיט צופלאַמטע שרעקען
האָט פערברענט דעם שטאַרקען שטעקען,
וועלכער איז פון וואַלד געקומען
און האָט זיך צום הונד גענומען,
וועלכער האָט, פון קיין געריסען,
ווילד די ווילדע קאַץ געביסען,
וועלכע איז מיט כעס געשפרונגען
און האָט בלוטיג איינגעשלונגען
אָט די שוואַכע בריאה,
וואָס דער טאַטע האָט געקויפט
— ווי די שעהנע מעשה לויפט —
גאָר פאַר אַ מציאה.
איין ציקעלע, איין ציקעלע.

# אידיש

איהר פרעגט אויב אידיש איז אַ שפּראַך,
גראַמאַטיש און נגיד'יש, —
איך קען אייך זאָגען נור איין זאַך:
דעם אידענ'ס שפּראַך איז א י ד י ש.

צו זוכען, ליעגט ניט אין מיין פאַך,
פון וואַנען ווערטער שטאַמען,
איך וויים נור, אַז איך ליעב מיין שפּראַך,
דעם לשון פון מיין מאַמען.

אָט ווי זי האָט גערעדט צו מיר
אַזוי רייד איך איצונדער,
פאַר מיר איז אידיש גרוים אָהן שיעור
און וואונדער איבער וואונדער.

אין אידיש טרוימט מיין אַר'מער איד.
וואָס טויג מיר יעדער פשט'יל? —
אין אידיש קלינגט „שולמית"' ליעד,
אין אידיש רעדט מיין „שטעדטיל".

מיין „מירעלע אפרת" רעדט „זשאַרגאָן",
מיין „באַנטשע" „שווייגט" אין אידיש...
אוןביידע שטעהען אויבען־אָן
און זיינען שעהן, אַ חידוש!

ווי פיין דאָס אידיש קינד זיך שפּיעלט
מיט זיינע ווייסע „צייהנדעיאַך“ !
ווי שעהן מיין „קרומער פישקע“ שילט :
„אַ ביאַך אין דיינע ביינדעיאַך“ !

ווי ליעב מיין מאַמע׳ס נגון קלינגט
פון יענער ווייסער ציעגעלע,
וואָס רעדט אין אידיש און וואָס ברינגט
אַ הימעל אין דער וויעגעלע...

אין אידיש קרעכצט מיר די פאַבריק,
אין אידיש רוישט מיין קינה,
ווען פאַלשע פרייהייט טרייבט צוריק
מיין איד פון איהר מדינה...

אין אידיש ווער איך אָפט אין כעס
אויף אונז׳רע קהל׳שע ווערים
און האַלב אין ערנסט, האַלב אין שפּאַס
נעהם איך זיי די גערערים...

עס מעגען געבען אונז׳רע „פּני“
פאַר אונזער שפּראַך אַ גראָשען,
מיר לאַכ׳ן זיך אַלע אוים פון זיי
און ריידען מאַמע־לשון !

# אַ הערבסט בלאַט

וואו לויפסטו ווי אַ טרוים?
דו בלאַט מיט לופט'גע טריט!
פערבלייב כאָטש נעבען בוים
אויף וועלכ'ן דו האָסט געבליהט!

אָ, רייד ניט, רייד ניט, קינד!
דער הערבסט איז פול מיט שרעק —
דאָס איז דער בייזער ווינד,
וואָס שליידערט מיך אַוועק.

# אַמאָל געווען

---

דאָ האָט זיך געוויעגט אַ צווייג,
דאָרט — זיך אַ בלום געזעהן.
שווייג! דו אַלטער שוטה, שווייג!
ס'איז אַלץ אַמאָל געווען.



# שמחת תורה

כ׳געדענק נאָך ווי היינט מיין פּאַפּיערענע פאָהן,
דעם מערענעם לייכטער, די וואַקסענע ליכט.
כ׳געדענק ווי איך האָב זיך געשטופּט אויבען־אָן,
אַ גליקליכער, מיט אַ בעגייסטערט געזיכט.

און „שישו ושמחו“! עס גיסט זיך ווי וויין
דאָס ליעד פון דער תורה, דאַן געהט דאָס אַ גאַנג:
מען טאַנצט! — טאַטע־פאָטער, אויף לאַנג זאָל דאָס זיין!
דער פרעהליכער יום טוב. דער זיסער געזאַנג!

דער חזן פאָראויס און דער עולם נאָך איהם.
אַרום דעם באַלעמער און ווידער אַרום,
און איך בין אַ אינגעל און איך בין נאָך פרום,
איך פרעה זיך און זינג מיט אַ קלינגענדע שטים.

מיין ליכטעל ברענט העל און מיין פאָהנע איז גאַנץ.
איך שפּרינג ווי אַ ביקעל אין גאָט׳ס קאָרעהאָד.
אַ הייליגער נגון, אַ הייליגער טאַנץ.
די טאַטעס, די קינדער צוזאַמען מיט גאָט.

* * *

צוריסען די פאָהנע, דאָס ליכטעל פערברענט,
דאָס לייכטעריל אויס און איך טאַנץ ניט אין קאָן.
דאָך פּלוצלינג ווערט ליכטיג, איך האַלט אין די הענד
אַ נייערע, שעהנערע, שטאַרקערע פאָהן!....

# שוהל-בילעטען

(אַ באַלאַדע)

דער אלול קומט מיט זיינע תקיעות,
מיט אומעט און מיט מרה שחורה.
דאָס האַרץ ווערט פול מיט שטילע בכיות,
עס פיהלט זיך אַ געהיימע מורא.

עס טרעט דער מענש, דער זינד־צוברענטער,
וואָס איז אַן עולות־יאָהר מסיים —
פערשעהמט און קליין צו גאָט אַלץ נעהנטער,
צו בעטען אויף אַ יאָהר אַ נייעם.

„אַ סליחה — טאַטוניו — רחמנות!
דער שיקזאַל, ווען, איז אַ רוצח!
ער פּלאָגט און יאָגט רק אין סכנות,
צוטומעלט און צומישט דעם מח.

„וואָס איז דער מענש? וואָס איז זיין לעבען?
וואָס איז זיין כח? וואָס זיין גבורה?
וואָס קען דיר דען זיין גוטסקייט געבען?
וואָס האָט ער גאָר ביי דיר אַ צורה?

„צו דיר געהער די גאַנצע בריאה,
די נשמה ז'דיין, דער גוף — דיין אייגען.

האָב מיטלייד אויף דיין ווערק, דיין מיהע,
און זעה דיין גנאָד אויף דעם צו נייגען"!

דאָך קיינעמס הארץ איז מעהר בעלאָדען,
און טרויעריגער קיינעמס שטערען,
און קיינעמס קול איז מעהר געבאָדען
אין הייסע, קאָכעדיגע טרעהרען;

און קיינעמס בליק האָט מעהרער אומער,
און מעהרער איניגסטע תחנונים,
און קיינעמס זעעלע מעהרער קומער
און ביינקענים נאָך שוהל־נגונים,

ווי נחום־שרה'ס, — אָר'מער קרבן,
פון גלות און פון לעבענס זאָרגען!
זיין יעדער פרייד איז איהם געשטאָרבען.
ער האָט קיין „היינט", איהם ווינקט קיין „מאָרגען".

א פעדלער אין ניו יאָרק געוואָרען!
זיין פנים איז מיט שוויים פעררונען.
ער האָט די כחות שוין פערלאָרען
און האָט קיין נחת ניט געפונען.

עס שווימט ניט מעהר זיין גייסט אין ספרים,
ער קען פון דאָרט קיין טרייסט מעהר זופען.
ער מוז — פערוואָגעלט, קראַנק און אָרעם —
זיין וועגעל דורך די גאַסען שטופען.

ער וויינט און דאַווענט מיט כונה,
דאָס מאַכט איהם ניט פאַר גליק׳ס אַ טרעפער.
ער טראָגט אין זיך, אויף ראש השנה,
אַ ים מיט רייד צו דעם בעשעפער:

דער וויסטער מארק! דער ביט׳רער גלות!
ער איז אַ הונד; ער האָט קיין תקומה.
בעליידיגונגען, קלעפּ און קללות,
דער בייזער מזל פון זיין אומה!...

ער האָט געשיקט נאָך ווייב און קינדער.
איצט וועט ער האָפען, לעבען, ליעבען!
נו, האָט מען זיי ווי שווערע זינדער
פון היגען ברעג צוריק געטריעבען....

ער לייד׳ט... אַ מענש איז ניט פון אייזען,
ער פאַלט, ער קען דאָס מעהר ניט טראָגען.
ער וועט פאַר גאָט זיין עלענד ווייזען;
ער וועט זיך ווי אַ קינד בעקלאָגען.

ביי׳ם ארון קודש וועט ער שרייען
און כליפּען היים אין יעדער תפילה.
דער בורא וועט דאָס איהם פערצייהען
און געבען רחמים און מחילה.

ער וועט, ער מוז זיין רעכט געפינען,
ער וועט דעם שטן׳ס וועג פערלויפען...

דאָך וועה! ער קען ניט ג'נוג פערדינען
פאַר זיך אַ שוהל־בילעט צו קויפען.

נור מוז מען געהן דאָרט אויף בילעטען?
בעצאָהלען גאָט פאַר גיסען טרעהרען?
בעצאָהלען אום פאַר  א י ה ם  צו טרעטען;
אום זיין געבענשטען וואָרט צו הערען?

ס'איז יום טוב, און ער געהט, דער דלות:
„אַ, ניין! אַ איד איז ניט קיין אכזר״!....
אין אָרעמען צורים'נעם טלית
פערוויקעלט ליעגט דער אַלטער מחזור.

די שוהל איז אָפען. אויף די שטיגען
פון דעם אַריינגאַנג שטעהט דער בלייכער,
ער הערט דעם חזן'ס זיסען נגון,
וואָס קלינגט אַלץ הארציגער און ווייכער.

עס ברענען ליכט, די מנורות גלאַנצען.
ס'וויעגען זיך ווייסע קיטלען־כוואַליעס...
דער עמוד — גאָט און גייסט אין גאַנצען.
די שכינה שפּרייט זיך איבער אַלעס...

ער וויל אַריין... איהם טרעט אַנטקעגען
אַ הויכער פּאָליציאַנט, אַ שכור:
— בלייב שטעהן! דו זאָלסט זיך ניט דערוועגען!
דיין טיקעט וויל איך זעהן; דעם עיקר.

— קיין טיקעט !... לומפּ, אַוועק פון דאַנען !
דאָ קען אומזיסט נים קומען קיינער ;
פאַר בעטלער איז די גאַס פאַראַנען —
געה ! מאַך אַ מנין מיט די שטיינער !....

„ובכן תן פחדך"... אַ ציטער
געהט ביי דעם אביון דורכ'ן האַרצען :
אָ, זעה דאָך, גאָט, ווי מיר איז ביטער !
ווי מוז איך מיינע אויגען שוואַרצען !

— וואָס פרעפּעלסטו ? פערדאַמטער אידעל ! —
פאַנגט אָן דער שכור'ער גוי צו ברילען —
ביי גאָט, איך מאַך פון דיר אַ פיעדעל
דעם אשמדאי אַ טאַנץ צו שפּיעלען ! —

„וכל הרשעה כולה"... וויעדער
פרובט נחום אין דער שוהל צוטרעטען :
אָ, אידען, אידען, אידען, ברידער,
איך וויל מיט אייך אין איינעם בעטען !...

— דו גרינער הונד ! ווילסט דוקא קלעפּען
צו דיעזען אָרט, טאָ געה אויף כח ! —
און שטיל ליעגט אויף די הייל'גע טרעפּען
דער איד מיט אַ געשפּאָלט'נעם מח.

„היום הרת עולם"... היינט וועלען
פערברעכער קריעגען זייער חלק.
עס וועלען זיך צום משפט שטעלען
די שטערבליכע. דער טאָג איז הייליג...

# שלום עליכם

(אַן אַמעריקאַנער זמר לכבוד שבת)

---

ד ע ר  ט אַ ט ע.

שלום עליכם, מלאכים זיסע,
מלאכים ליעבע, מלאכים טייערע,
פון די ליכטיגע הימלען איי׳רע
ברענגט איהר אין דער גלות־תפיסה
שבת־רוה און שבת־פריעדען,
דעם געקרוינטען טאָג פאַר אידען.
שבת מיט דער פרייער מינע
העל בעלויכטען „מזיו־השכינה“,
דורכגעגליהט פון העכ׳רע פלאַמען —
לאָמיר פרעהען זיך צוזאַמען!
מאַכען קידוש, זינגען זמירות,
שבת איז אַ גרויס עשירות,
שבת־נחת, שבת־קדושה,
אונזער געטליכע ירושה
פון באַרג סיני אונז געבליבען
זיך צו פרעהען און צו ליעבען.

ד י  ק י נ ד ע ר.

שלום עליכם דיר, שבת, פריידע!
זעלטענער תענוג, געבענשטעם לעבען,

היינט וועט דער מייסטער די „ווײדזשעס“ געבען.
שבת קודש, — אָ, טייערע „פּיידע“!
קומט! מלאכים גוטע, טרייע,
העלפט אונז זוכען אַ „שאַפּ“ אַ נייע!
שאַפט אונז פרייד און פערגעניגען:
העלפט אַ רעכטען „דזשאַב“ צו קריגען!
אַך! די וואָך איז לאַנג און זויער,
פול מיט אומעט און מיט טרויער;
שבת איז אונז פריי צו קלייבען
וועלכער „באָס“ עס זאָל אונז טרייבען...
שבת מוז אונז גאָט פערזאָרגען
צו בעצאָהלען, וואו מיר באָרגען,
פאַר די שנאַפּס און פאַר די קיכעל,
וואָס מיר נעהמען אויפ'ן ביכעל.

## די „באָרדער“.

שלום עליכם אייך, באַלעבאָסטע,
דער שבת קודש איז שעהן און הייליג —
גיט לכבוד אַ געשמאַקען חלק!
גיט א מאכל, נור ניט פון די פּראָסטע!
אַך! ס'איז שווער פון אייער „דינער“
זיך צו צאַפּלען אַלם מאַשינער,
שבת, שבת, ליעבע „מיסעס“,
מוזט איהר געבען עטוואָס זיסעס.
עטוואָס פעטעס צו געניסען,
זאָל דער „חומר“ אויכעט וויסען
פון דעם עונג, פון דעם נחת,

און די גוים אויף להכעיס
און דעם שטן — קרענקען זאָל ער! —
גיט, פאַר אונזערע פאָר טאָלער,
ניט פערשעהמט די שבת־טעלער!
„באָרדער“ האָבען אויך אַ וועלער.

# וואו איז משה?

גיט מיר משה'ן, יענעם משה'ן,
וועלכער האָט אַמאָל בעפרייט
שקלאַפּען פון דעם שווארצען גושן
און ערצויגען זיי פאַר לייט!

יענעם משה'ן גיט מיר ווידער,
יענעם נביא, יענעם העלד.
אַך! מיר האָבען „משה'ס", ברידער,
דאָך דער רעכטער משה פעהלט.
וואו איז משה?

זעהט! זיי פיהרען אונז פון גלות
און מיר געהען שוין מיט לויב.
און מיר טרייסלען פון די פאַלעס
שוין דעם אַלטען, פרעמדען שטויב.

הערט! זיי לערנען אונז שוין לידער
פון ישראל'ס נייע וועלט,
יאָ, מיר האָבען „משה'ס", ברידער,
דאָך דער רעכטער משה פעהלט.
וואו איז משה?

פיהרען אונז פון ניי מצרים
פריי נאָך ציון אונזער באַרג.

פיהרערס טרינקען שוין „לחיים"
כאָטש דער גלות איז נאָך שטאַרק.

אָ, עס איז אַ גאַנץ געשלידער,
מיט דעם „אידישען געצעלט"!
משה'ס" פעהלען אונז ניט, ברידער,
דאָך דער רעכטער משה פעהלט.
וואו איז משה?

---

נור וואָס העלפען אַלע גוואַלטען
אין דער טרויעריגער שעה?
גאָט האָט איהם אַליין בעהאַלטען
און זיין קבר איז ניטאָ.

פאַלשע גואל'ס, פוילע גליעדער
פון אַ פאָלק, וואָס איז געקוועלט.
אַך! מיר האָבען „משה'ס", ברידער,
דאָך דער רעכטער משה פעהלט.
וואו איז משה?

# צו אַ געפאַלענעם וואַסער

פלים, וואַסעריל, פלים
פון דעם פעלזען׳ס קאָפּ,
אין דעם טהאָל אַראָב —
פלים צו זיינע פים...
דורך די וויטע פעלדער,
דורך די דונק׳לע וועלדער,
וואו די שאָטענס ווינקען,
וואו די סטאַדעס טרינקען,
וואו דעם פאַסטוך׳ס פיעדעל
שפיעלט אַ פרעמדען ליעדעל...
פלים, וואַסעריל, פלים!
גרים די וויטקייט, גרים!
פון דיין הויך געצעלט
שלעפּ זיך דורך דער וועלט!...

---

רין, וואַסעריל, רין
דורך דעם פלאַכען לאַנד!...
וואו דיך פיהרט גאָט׳ס האַנד,
רין אַהין... אַהין...
געה, בעפייכט דעם באָדען!
מינטער גראָז און בלומען,
פירות, וויין און קאָרען!
וואו דו ביזט געבאָרען
קענסטו — צו דיין שאָדען —

מעה'ר צוריק ניט קומען...
יענע בעט די ריינע,
וואו דו ביזט געלעגען
איידער דיינע וועגען
האָבען דיך פערמאַטערט
און דיין רוה גע'פטר'ט —
יענע ליעבע, שעהנע,
קלאָהרע בעט די שטילע
קענסטו מעהר ניט קריעגען,
קענסט מיט פערגעניגען
מעהר אין איהר ניט ליעגען...
מורמעל, שטיל דיין תפילה!
וועסט קיין איינעם ריהרען...
וואָגעל ווייטער, וואָגעל
מיט דיין פולען לאָגעל!...
דארפסט די ווילד'נים ציערען...
דאָך וואו דו בלייבסט שטעהן,
ווייס נור גאָט אליין...

---

ציה, וואסעריל, ציה
אך! דיין ווייטער גאנג
דרעהט זיך ווי א שלאנג,
בלאָנדזשעסט נאכט און פריה,
וואנדערסט וואו עס לאָזט זיך,
האָסט קיין פלאן אין רייזען...
דארט עס אָדער גראָזט זיך,
שוויינט עס אָדער בלאָזט זיך
ווילד דער ווינד אנטקעגען,

אויף צוקרימטע וועגען
מוזטו ווייטער שפּרייזען...
אַט ביזטו שמאָל
אין טהאָל,
און גאָרגעלסט
שטיל דורך מאָך און בלעטער ;
אָט ציהסטו ברייט איבער שטיין און בייט
און אָרגעלסט,
רוישט ווי ווינד און וועטער.
בייטסט זיך אין דיין וואַנדערען
פון איין אָרט אין אַנדערען :
אָט ביזטו דין,
אַ שנירעל ;
אָט פליסטו הין
צוגאָסען, גרוים און ווייט, אַ גוואַלדיג שטאַרקע טייך,
טהורמסט, שטורמסט ווילדע ימים גלייך,
וויעגענדיג אין זיך דעם הימעל, זון און שטערען...
און די פיש,
צאַפּלען, פריש —
מיט זילבער שופּען גלאַנצען,
אַרוים, אַריין
אין גאָלדנעם שיין
און טאַנצען
אין שטראַהלען רייך —
און פרוכפּ׳רען זיך און מעהרען...
אָט וואָלט אַ טהירעל
ענג און קליין געווען
גענוג דיר דורך צו געהן...

# ביים אָפענעם פענסטער

---

מיין פענסטער איז אָפען, די לופט זאָל זיין פריש.
פאַפּיער, טינט און פעדער פערציערען מיין טיש.
איך זיץ אַ פערטראַכטער און טרוים אויפ׳ן וואָהר.
מיר זינגען דאָס הארץ און דער מח אין קאָהר...
זיי זינגען מיין עלענד, זיי זינגען מיין פיין
און זינגענדיג פלאַטערט אַ פויגעל אריין.
ער טונקט איין דאָס שנעב׳לע אין טינטער ביי מיר
און ווישט עס אָב האסטיג אָן ווייסען פאַפּיר.
ער לאָזט איבער עטליכע צייכענס פון טינט
און פיפּצענדיג ווערט ער פערשוואונדען געשווינד.

---

ווער איז דאָס געוועזען?
ווער האָט דאָס געשריעבען
מיט מענשליכע טינט?
— פערפליה׳נדיג אין ווינד —
און ווער קען דאָס לעזען,
וואָס דאָ איז פערבליבען
אויף ווייסען פאַפּיער
פערצייכענט פאַר מיר?

---

איך קוק אויף דעם מיסטישען כתב מיט אַ שרעק,
איך קוק נאָך דעם שרייבער, ער איז שוין אַוועק;
איך וויל זעהן דעם זינגער, ער איז שוין ניטאָ.

די זון לאַכט מיט שטראַהלען, דער הימעל איז בלאָה,
און שטיל אין דער לופטען, קיין קלאַנג און קיין שפּור.
עס גיט מיר איהר סוד ניט אַרוים די נאַטור.
צי איז דאָס נור אַלעס אַ צופאַל געווען?
צי איז דאָס אַ געטליכער וואונדער געשעהן?
און קלעהרענדיג האָב איך ערוואַכט ווי פון שלאָף,
דאָס זעלטענע פויגעל־שריפט לעזט זיך: „האָף! האָף!“

---

ווי נאַריש! ווי טרוקען!
ווי אונזיניג, כ׳לעבען,
צו זאָגען דיר „האָף!“
ווען ליידען אָהן סוף
צוברעכען דיין רוקען!
דיין קאָפּ קען ניט וועבען
קיין לוסטיגע קלייד
צו פּוצען דיין לייד...

---

כ׳זאָל האָפען! ווי קען איך דאָס וואַגען צו טהון?
אַנטקעגען מיר שטעהט מיין געשטאָרבענער זוהן;
מיין זיסער בן יחיד, מיין אייביגער צער
און פּונקט אין דער רגע וואַקסט אוים קראַנק און דאַר,
און בלייך ווי אַ טויטער דער אָרעמער איד,
דערביי קרעכצט אַן אַרבייטער הונגריג און מיד;
דערצו קומט מיין ליעבע אין שוואַרצען געוואַנד
און האַלט אַ בונד רויזען פערוועלקטע אין האַנד...
כ׳זאָל האָפען? ווי קען איך? וואו האָט דאָס אַ זין?
איך מאַך צו דעם פענסטער, פערציה די גאַרדין...

---

עס קען מיר פון אויבען
קיין טרייסט מעהר ניט קומען.
ס'מוז געבען די ערד,
וואָס זי האָט צושטערט...
ניט האָפנונג, ניט גלויבען
קען פלאַנצען די בלומען
וואָס שיקזאַל פערדאַרבט.
מען ליידט און מען שטאַרבט.



# קברים

אין די קברים
פרעסט דער וואָרים
רייך און אָרעם
אונגעשטערט.
אין די גריבער
איז ער גבור,
האָט ער ווערטה;
אָבער אויבען,
ליכט און גלויבען, —
בליהען בלומען
אין פאַרפומען,
ביהנען זשומען
און דער פויגעל פייפט קאָנצערט.
דער וואָס לעבט קען זעהן און הערען,
דער וואָס שטרעבט,
האָפט וואָס צו ווערען.
ווער איז דעם, וואָס ליעגט אין דר׳ערד!

---

גרינע פלאַנצען
רייצען, גלאַנצען,
שמעטערלינגען
לוסטיג פליהען,
לייכטען, גליהען.
גרינג זיך שווינגען,

טומלען פריי אַרום.
אויף די קוסטען
וואַקסען לוסטען,
אָבער אונטען
אין די גרונטען —
איז דאָס שטום.
דאָרטען ליעגט
אַ טויטעס לעבען,
שאַ, פערוויעגט.
שאטענס וועבען
דומפּפע פינסטערנים און גרויל,
און דער קבר האַלט דאָס מויל...
מעג די בלום
ווער וויים ווי שמעקען
און די זון־פליעג פליעגלען חן,
ס׳קען פאַרפום
און גלאַנץ ניט וועקען,
וואָס דער גרונט האַלט אין פערמעקען —
דאָס פערבלייבט אין גרוב אַליין.

---

דאָך וועה די גרוב,
וואו ס׳ליעגט אַ מום!
די אייב׳גע שטוב,
וואָס האָט קיין בלום,
וואָס קיינער קומט דאָרט
אויף בעזוך
און אַלעס שטומט דאָרט,
שטיל, פערלאָרען

ווי אַ ד'אָרען,
ווי אַ פלוך!
נור טרוק'נע זאַמד ליעגט קאַלט
פערלאָזען, וויסט און אַלט...
קיין טרעהר קיין הייסער פאַלט —
און ווילדע גראָז און מאָך
פערדעקען סתם אַ לאָך,
וואו ס'ליעגט אַ טויטער קראָט,
אָהן ליעבע, אָהן אַ גאָט,
אָהן אַ געלאָז'נעם „איך",
פערגעס'נע ביינער
אָהן בענשער, אָהן בעוויינער,
אָהן „יזכור" הינטער זיך...
ניט פאַר דער ערד,
ניט פאַר'ן הימעל.
שטויב און שימעל.
אוים! פערצעהרט!
ניט געדיענט און ניט גענוצט,
ניט פערצייכענט אין די בלעטער.
ניט קיין פריהער, ניט קיין איצט
און ניט קיין שפעטער

. . . . . . . . . . . . . .

מורא'ס נעהמען מיך אַרום
פאַר דעם קבר אָהן אַ בלום...



# זריעה

א פולער, גאָלד'נער זאַנג
אין זונענליכט פערקלערט,
דער אַלטער קערנ'דעל נור,
ער ליעגט צופוילט אין דר'ערד.

ער האָט אמאָל געלאַכט
אין א בעשטראַהלטען זאַנג,
ווען ער איז יונג געווען
און ווייט פון אונטערגאַנג.

איצונד האָט ער זיין קראַפט,
זיין „איך" פערלאָרען גאָר,
און האָט דער וועלט געלאָזט
א נייעם קערנער־דור.

א יעדער קער'נדיל טראָגט
דעם אַלטען'ס „זיין" אין זיך,
דאָך יעדער איינער איז
פאַר זיך אַליין א „איך".

יא, יונגע ווערען אַלט,
אַזוי וויל די נאַטור —
און אַלעס, וואָס עס לעבט
איז זריעה, זריעה נור...

# שאָטענס

.1

וועה, דו רויהער הערבסט־ווינד, וועה,
קריץ די קאַלטע צייהנער !
דיק ליעגט שוין אויף מיר דער שנעע,
אייז אין מיינע ביינער.

איידער דו האָסט נאָך געלאָזט
שרעק איך מיינע קנאָכען,
האָט מיך שוין געכאַפּט דער פראָסט
און מיין גוף צובראָכען.

ס'איז מיין ווינטער פריהער פיעל
ווי מיין הערבסט געקומען,
און איך ציטער קאַלט און שטיל
צווישען טויטע בלומען.

.2

דער ווינד איז שרעק און גרויל.
אין פעלד קיין גרינס ניטאָ.
דער בוים איז דאַר און הויל.
דער הימעל טריב און גראָה.

דער שמעטערלינג איז טויט
צוזאַמען מיט דער בלום.

אין וואַלד איז ליעדער־נויט,
די נעסטען פוסט און שטום.

די זון פערגעהט אַליין
אין ווייטען מערב־ראַנד.
עס ציטערט ווי געוויין
און שרעקט דאָס דונק׳לע לאַנד!

אַ יתום־וואָלקען קריכט
און זוכט אין סמוטנער הויך,
און ענדערט זיין געזיכט
און לייזט זיך אויף ווי רויך.

אַ קראָהע קרעכצט און שטומט,
אַ נאַסער אומעט פאַלט.
די וועלט ליעגט ווי פערמומט
און אָבגעלעבט און אַלט.

אַ פחד רוקט זיך צו
און גנב׳עט זיך אין הארץ.
אַליין, אַליין בלייבסטו,
און אַלץ אַרום איז שוואַרץ.

3.

כ׳ווייס ניט וואָס איך וויל;
כ׳ווייס ניט וואָס איך וויל ניט;
כ׳ווייס ניט וואו איך ציעל;

כ'ווייס ניט וואו איך ציעל ניט.
אלץ איז רעכט און אלץ איז שלעכט,
און איך רוה ניט דורך די נעכט.

4.

קוק ניט אויף מיין הייסע טרעהר!
איך בין מעהר קיין ווייגער.
קיין זאך העלפט מיר, קיינער.
ס'ליעגט די אלטע וואונד
טיעף אין הארצענס גרונד,
און איך לייד נור איינער...
ס'קומט די טרעהר אליין
אהן א מעהן;
אהן א קלעהר —
איך וויין ניט מעהר.

קוק ניט אויף מיין לאך! א, הער!
ס'נעהמט מיך ניט צום לאכען,
און צו חוזק מאכען.
ס'ליעגט דער שפאס פערשפארט
אין מיין ברוסט, פער'צער'ט.
כ'לייד פון טויזענד זאכען.
עס קומט מיין לאך
מיט א „אך";
מיט זיפצען שווער —
איך לאך ניט מעהר.

## 5.

די צייט האָט דעם זומער גע׳גט,
און טאַנצט דעם הערבסט אַנטקעגען.
די זון, אָט די אַלטע קאָקעט,
טראָטץ ווינד און קעלט, און רעגען —
זי גיט נאָך אָפּט אַ שמייכעל,
אָהן חן; אָהן היץ; אָהן שכל.
ווי זאָל זי דען ענטציקען,
ווען שווערע אומעטס דריקען?

## 6.

איך האָב מיין ליעד געפּייפט
און אָפט געוויינט דערביי.
כ׳האָב דימענטען געשלייפט,
געשוויצט ביי שניידעריי.

פאַר צייטונגען געלאַכט...
פאַר עולם׳ס דעקלאַמירט,
פאַר אָרעמע געוואַכט;
פאַר זיי געפאַנטאַזירט.

די שלעכטע לייט געשטראָפט,
די גוטע לייט געלויבט.
פערצווייפעלט און געהאָפט,
און אין דער וועלט געגלויבט.

איצט לעז איך מיך און שלינג
אַ טרעהר ביי יעדער וואָרט,
דען כ׳האָב פון אַלעם דינג
אַ נאָמען אָבגעשפּאָרט...

# באַרג אַראָב

(אַ ווינטער־ליעד)

---

באַרג אַראָב, באַרג אַראָב
גליטשט זיך דער שליטען.
זיצען מיר אין מיטען,
זיצען מיר ביי׳ם ברעג,
שנעע איז דער וועג
באַרג אַראָב, באַרג אַראָב.

באַרג אַראָב, באַרג אַראָב
יאָגט דאָס זיך גיכער,
שנעל ווי אַ וויכער,
שנעל ווי די טעג.
אייז איז דער וועג
באַרג אַראָב, באַרג אַראָב.

באַרג אַראָב, באַרג אַראָב
איילט זיך דאָס לעבען.
גליטש איז זיין שטרעבען.
שנעע איז זיין וועג.
אונטען זיין ברעג...
באַרג אַראָב, באַרג אַראָב...



# קאַמפּף

איך געה מיר מיין וועג,
אַהיים איז מיין גאַנג,
דערגרייכען מיין ציעל,
דאָס איז מיין פערלאַנג.

אַ מוראַשקע געהט
אויפ׳ן זעלביגען שטעג,
כ׳צוטרעט איהר אויף טויט
און געה מיר מיין וועג...

וואָס קימערט דאָס איהם,
דעם שטאַרקען, וואָס שטרעבט,
דעם שוואַכען׳ס פערגעהן
ווען ער אַליין לעבט?

# דער פערלאָרענער גאָט

איך בין אין מיינע יונגע יאָהרען
ניט זעהר פאַרזיכטיג געווען.
איך ווייס ניט ווי דאָס איז געשעהן,
איך האָב אין פלוג מיין גאָט פערלאָרען.

איך האָב מיט פרעהליכע געזעלען,
מיט פריינד מיט לוסטיגע פערבראַכט,
כ'האָב ניט געפיהלט און ניט געטראַכט,
אין טומעל, מיר זאָל עפּעס פעהלען.

פערקעהרט, איך האָב געפיהלט פיעל בעסער:
בין לויז געוואָרען פון אַ לאַסט.
איך בין געלאָפען מיט אַ האַסט,
מיין תחום איז מיר געוואָרען גרעסער.

אַ צויבער האָט מיר אויפגעשלאָסען
איעדע טהיר פון פרייד און לוסט.
איך האָב דאָס לעבען היים געקוסט
און פון דער ליעבע ווילד גענאָסען.

איך לאַך פון „געטליכקייט", פון פרומע,
וואָס גלויבען שטאַרק און בעטען פיעל,
וואָס בעטען הויך און בעטען שטיל,
„צומישטע, לעערע מחות, קרומע"!

נאָר לאַנגזאַם האָט דאָס אָנגעפאַנגען
אין האַרץ ביי מיר צו ווערען לעער.
איך האָב דערפיהלט אַלץ מעהר און מעהר
אַז עפּעס איז מיר אָבגעגאַנגען.

געצוקט האָט אונטער מיר דער באָדען,
געוואָרען אומעטיג און וויסט.
איך האָב פּרובירט פון טויזענד בריסט
צו זויגען טרייסטונג אויף מיין שאָדען.

דאָך יעדע פרייד האָט מיך געעקעלט
מיך אָבגעשטויסען יעדע לוסט.
אַ שמערץ האָט אָנגעכאַפּט מיין ברוסט,
מיין יעדע האָפענונג צובראָקעלט.

אַ שרעק, אַ שרעק האָט מיך בענומען,
איך זעה, איך פיהל איך בין באַנקראָט.
אָ. וועה! כ'האָב אָנגעוואָרען גאָט!
וואָס זאָל איך טהאָן? וואו זאָל איך קומען?

איך וואָלט געוויינט, געגאָסען טרעהרען,
דאָך מיין נשמה איז אַ שטיין...
און וואָס וואָלט העלפען מיין געוויין?
ווער וואָלט דען איצט מיין יאָמער הערען?...

איך האָב געוואָלט מיין גאָט געפינען,
געזוכט אויף דר'ערד; נישטאָ איהם דאָ,

קיין הימעל איז שוין מעהר נישטאָ...
עס זינקט מיין קאָפּ ; עס שווינד'ט מיין זינען.

איך האָב געזוכט דורך שפּאָט און צאָרען,
געפרעגט די היטער פון דער שטאָדט :
„האָט איהר ניט, זאָגט, געטראָפען גאָט ?
איך האָב איהם ערגעץ וואו פערלאָרען“...

מען קוקט מיך אָן מיט אַ געלעכטער,
מען קוקט מיך אָן מיט כעס און פלוך.
בחנם, וואָס איך פרעג און זוך.
אָ, וועה! וואָס ווייסען אונז'רע וועכטער!...

און קוים בין איך פון זיי ענטרונען,
האָט מיר דערלאַנגט אין הארץ אַ קלאַפּ.
איך האָב זיך גיך דערלאַנגט אַ כאַפּ
און זעה! איך האָב מיין גאָט געפונען!

איך האָב אומזיסט אויף אַלע וועגען
געזוכט און נאָכגעפרעגט ביי לייט.
מיין גאָט איז גאָר די גאַנצע צייט
אין מיר, אין מיר אַליין געלעגען...

ער האָט די גאַנצע צייט געשפּראָכען,
נור יוגענד'ס רוישענדער קאָנצערט
האָט מיר צו הערען איהם געשטערט
און אונזער ליעבע אונטערבראָכען...

אַצינד, ווען מיינע שעהנסטע פריידען
פערגעהען אַלע מיט אַמאָל,
אַצינד האָב איך דערהערט זיין קול,
זיין צערטליך רופען און זיין ריידען...

און פעסט פערריגעל איך די טהירען
פאַר יעדען רגע־קורצען בלענד,
פאַר יעדע לוסט, וואָס האָט אַן ענד,
איך וויל מיין גאָט ניט מעהר פערלירען...

# אַ זומער נאַכט

עס שטיפט דער בליץ און לאַכט
מיט ווייסע צייהן.
דער דונער בייזערט זיך און ברומט.
דער וואָלקען אָנגעבלאָזען קומט.
דיא נאַכט,
זי ציטערט און פלאַטערט,
און קרעכצט פערמאַטערט,
און פערקריכט אין זיך אַליין.
דאָך באַלד גיט אַ גאָס
אַ פרישער רעגען,
אַ געווינס
מיט גרינס
גיט אַ שאָס
אויף אַלע שטעגען.
די נאַכט ווערט פריש.
צו אַ געגרייטען טיש
קומט אָן דער טאָג געגריסט,
מאַכט „שהחינו" און געניסט.



# די בערג

---

עס גליווערען די בערג
און גלאַצען שטום אַרויף.
אַ סוף צום זומער׳ס ווערק!
עס הערען פלוצלינג אויף
דער פויגעל און דער בוים
צו געבען ג׳זאַנג און דופט,
און ווי אַן אַלטער טרוים
נור בלאַנדזשעט אין דער לופט
דעם לעבען׳ס גרינער גוואַלד,
וואָס ווערט אַ ווינטער באַלד...



# סטראַדיוואַריוס*)

װעלכע קונסט האָסטו געניצט ?
װי האָט אין דײַן האַרץ געבליצט ?
אָ, סטראַדיװאַרי ! —

װי דײַן מעסער האָט געשניצט,
װײס נאָך ניט די װעלט ביז איצט.
אָ, סטראַדיװאַרי !

זאָג, װי רופט מען יענעם בוים,
װעלכער האָט געפּאָלגט דײַן טרױם ?
אָ, סטראַדיװאַרי !

האָסט דערגרײכט דעם הימעלס רױם,
האָסט דערגרונטעװעט דעם תהום.
אָ, סטראַדיװאַרי !

האָט דיר ניט אַ קינד געלאַכט ?
האָסטו ניט פון גאָט געטראַכט,
אָ, סטראַדיװאַרי ! —

---

*) אַנטאָניאָ סטראַדיװאַרי, אַן איטאַליענער, װאָס האָט געלעבט אין קרעמאָנאַ, איטאַליען, אין 16טען יאהרהונדערט, איז געװען דער גרעסטער פידעל־מאַכער אין דער װעלט. מען צאָהלט איצט פערציג טױזענד דאָלאר פאַר אַ „סטראַד“. קײנער װײס ניט דעם סוד, אויף הײנטיגען טאָג, פון װעלכען זאָרט האָלץ, און װי אזוי סטראַדיװאַרי פלעגט מאַכען זײנע פידלען.

ווען עס האָט דיין גייסט ערוואַכט
און דיין פּיעדעל דיר געמאַכט?
אָ, סטראַדיוואַרי!

האָט ניט מעהר איטאַליענס וואַלד,
יענעם הייליגען געוואַלד,
אָ, סטראַדיוואַרי! —
וואָס דיין אינסטרומענט ענטהאַלט,
ווען זיין רייכער קלאַנג ערשאַלט?
אָ, סטראַדיוואַרי!

דו האָסט שניצענדיג געפיהלט,
ווי דאָס לעבען זינגט און שפּיעלט,
אָ, סטראַדיוואַרי!
האָסט דעם זיסטען טאָן ערציעלט
און דיין שם בלייבט איינגעגילט.
אָ, סטראַדיוואַרי!



# די בעטלער־מיידעל

## פון אלפרעד טעננים‏אָן

---

איהרע הענד אויף איהר ברוסט, פערשעהמט און איידעל,
זי איז שעהנער געווען ווי לויב און געזאַנג —
באָרוועס איז געקומען די בעטלער־מיידעל
פאַר'ן קעניג קאָפיטוי, אויף זיין פערלאַנג.
מיט'ר קרוין אויפ'ן קאָפּ איז דער קעניג אראָב
צו גריסען און קיסען איהר ביי דעם עמפפאַנג.
„עס איז קיין וואונדער," האָבען די לאָרדס געזאָגט,
„זי איז שעהנער ווי דער מזרח ווען ער טאָגט."

שעהן ווי די לבנה אין וואָלקיגען בויגען
האָט זי אין איהר פעראָרעמטקייט אויסגעזעהן.
דער לויבט איהרע קנעכלעך, דער איהרע אויגען,
איהרע שווארצע האָר און איהר זעלטענעם חן.
אַזאַ זיס געשטאַלט פול הימלישען גוואַלד
איז נאָך אין גאַנצען לאַנד קיינמאָל ניט געווען.
דער קעניג שווערט, די הויפלייט הערען זיך איין,
„די בעטלער־מיידעל זאָל מיין קעניגין זיין!"



# היינריך היינע

זונענשיפען, בלומענשיפען
האָט ער דורך דער לופט געפיהרט.
אויף דעם שטראַהלען־ים דעם טיעפען
האָט ער געטליך אומשפּאַציערט.

און פון דאָרטען פלעגט ער זינגען
דאָס וואָס האָט איהם טיעף געקוועלט,
זיין נשמה פלעגט צו קלינגען
דופט און בשמים דורך דער וועלט.

גאָלד'נע שטערען לייכטען אויבען,
דאָך ניט שטענדיג זינגט ער זיי;
ער מוז דייטשלאַנד'ס וואַסער לויבען...
זינגען פון דער לאָרעליי.

האָט זיין האַרץ, די שענסטע יאָהרען,
אַלץ פערשענקט אַ טמא'ן לאַנד,
און זיין ליעבע שניידט איצט צאָרען
און זיין היים־שטאָדט איז זיין שאַנד.



# אַראָלף זאָנענטהאַל

(אויף זיינע אַ פאָרלעזונג פון מיינע ליעדער אין וויען)

---

ער האָט אַוועקגערוקט דעם פאָרהאַנג : „נון, מיט גאָט!“
און איז מיט קדושה אויפגעטרעטען.
אַ ים אַפּלאַוזען האָבען איהם בעגעגענט
דעם עדלען גרייז און ארום איהם גערעגענט.
ער האָט געלעזען, ניין, געבעטען!
דעם אידענ'ס אַדעל פון דער קיסר'ליכער שטאדט
האָט דורסטיג יעדעם וואָרט געשלונגען —
ער האָט די זעעלען דורכגעדרונגען.
ווי לולב'ס האָבען זיינע הענד געציטערט,
זיין שטימע אָבער האָט געוויטערט.
איך האָב געהערט, געפיהלט, געשטוינט.
זיין געניוס האָט מיין גייסט בעקרוינט.
עס האָט דער קינסטלער אין דעם איד
געבאָרען פון דאָס ניי מיין ליעד.
כ'האָב ערשט אין דער געבענשטער קראַפט
פערשטאַנען וואָס איך האָב געשאַפט.

# קדיש

(אַ געדענק־ליעד אויף מיין זעליגען בן־יחיד)

---

אַ גאָלדענער לאָק, און אַ בילד און אַ בוך,
אַט דאָס איז אַלץ, וואָס איז פון איהם געבליעבען,
פון איהם, וואָס איז געווען אַ פרייד צו ליעבען,
וואָס נאָך זיין טוידט איז מיר די וועלט אַ פלוך.

דער לאָק דערמאָהנט מיך אָן דעם שעהנעם קאָפּ,
דאָס בילד — אָן דער געבענשטער, זיסער צורה,
דער בוך — אָן גייסט פול יוגענד, היץ און גבורה,
דאָך ער איז, וועה, פון לעבענס־שוים אַראָפּ!

בעהאַלט מיר די ירושה! זי איז מיין,
דער שיקזאַל האָט מיר מעהרער ניט געגעבען.
איך זעה דעם טוידט דערמאָהן איך מיך אָן לעבען,
אָן יענעם לעבען, וועלכער לעבט נור אין מיין פיין.



# אַן אַלטע געשיכטע

איך בין קראַנק, זאָלען פיינד זיך פרייען.
איך בין קראַנק, זאָלען שונאים לאַכען.
יאָ, דאָס זיינען אַלטע זאַכען,
נור די קלוגע דאָס פערשטעהען.
גרעסערע ווי איך אַ סך
האָבען דורכגעמאַכט די זאַך.
ערגער זיך ניט זעעלע, שווייג!
עס איז אַלעס ווערטה אַ פייג.



# „צאָ סליכאַטש"

(צו אַ פּוילישען סאָציאַליסט וואָס האָט בעזוכט ניו יאָרקער אידישען קוואַרטאַל)

„צאָ סליחאָטש", פריינד, וואָס הערט זיך
ביים וויקסעל, ביים דונײַ?
פערגרעסערט זיך, פערמעהרט זיך
די מענשליכסטע פּאַרטײַ?

וואָס מאַכען יענע „פּאַנעס"
און יענע „חלאָפּעס" וואָס:
די פריי‌ערע „פּאַדאַנעס",
וואָס שוויצען פאַר דעם שלאָס?...

וואָס מאַכט מיין אַלטע פּוילען,
מיין גלות־זויעג; מיין שמערץ,
אויף וועמעס ערד עס פוילען
מיין קינדהיים און מיין הערץ?



# פּאַס אויף !

וועןדו לעבסט ווי עובר בטל
טהוט די וועלט דיר אָן אַ זאָטעל,
וואַרפט אַרויף אויף דיר אַ לייצע
און זי זיצט דיר אויפ'ן פּלייצע
און זי שמייסט דיך און זי שרייט.
דו ביזט פערד און זי איז רייטער
און זי טרייבט דיך אימער ווייטער.
קריעגסט אין בויך מיט שאַרפע שפּאָרען
פּונקט ווי נור דערצו געבאָרען —
און די וועלט די שלעכטע רייט.
דאַרום וואַך און האַלט זיך טהייער !
בריקע, און דו ביזט אַ פרייער...

# ווער?

עס רייזען די מענשען.
יא, רייזען און זוכען,
זיי בלייבען ניט שטעהן.
דורך פלוכען און בענשען,
דורך בענשען און פלוכען,
זיי האלטען אין געהן.
אָ, ווער וואנדעלט שטיל,
אָהן קאמפף צו זיין ציעל?
ווער קומט צו אַ ברעג
דורך רוהיגע טעג?

# בעגריסונג

(אויף אַ פּוילישען סאָציאַליסטישען מיטגליעד פון עסטרייכישען פּאַר־
לאַמענט צו זיין וויזיט אין ניו יאָרקער אידישען קוואַרטאַל)

ער קומט צו אונז פון די קאַרפּאַטען,
אַוואו דער וויקסעל און דער דונייִ פליסען,
אַוואו עס בלאָנדזשעט אום דער שאַטען
פון מאַנכען טרוים, וואָס ליעגט צוריסען.

צוריסען פּונקט ווי פּוילענס באָדען,
וואָס איז אַ רויב פון פיינדליך־פרעמדע לענדער,
אַוואו עס ליעגט, צו אונזער גרויסען שאָדען,
צופיצעלט אונז׳רע לעצטע היימאַטהס־בענדער.

ער קומט דאָ מיט קיין פרעמדקייטס־תנועה,
ער טרעט קאָלומביאַס שטיינער ווי אַ היגער,
דען הויך ערגלאַנצט דאָ די סטאַטוע
פון זיין קאָסציוסקאָ, פרייהייטס גרויסער זיעגער.

מיר האָבען אין זיין היים געליטען,
מען האָט אונז דאָרט געשענדעט און געשטייניגט,
דאָך ער האָט פאַר דעם מענש געשטריטען,
און איז אַלס מענשענפריינד מיט אונז פעראייניגט.

בעגריסט איהם! ער איז אויך אין גלות.
ער האָט נור קוים געראַטעוועט זיין לשון.

זיין אומה טוליעט זיך אין פרעמדע פֿאָלעס,
זיין תבואה ווערט פון שונאים אויסגעדראָשען...

זיין „יעשטשע פּאָלסקאַ" קלינגט מיט טרערען,
זי איז די פּוילישע „התקוה" — ברידער,
ס'האָפט פּוילען אויפגעריכט צו ווערען
און ווי ישראל זינגט זי האָפנונגס־ליעדער.

דאָך אונזער גאַסט זינגט פעלקער פריי־הייט,
דעם אַרבייטער'ס בעהאַרצטע מעלאָדיען.
יאַ, ברודער־ליעבע, מענשען־פרייהייט —
דאָס ליעד אין וועלכען צוקונפטס־בלומען בליהען.



# אונשטערבליכקייט

אויף די געדאַנקענס אויסגעשפּרייטע פליעגלען
ערהויב איך מיך מיט ראַשען שוואונג
און דאָרט, וואו שטערען זיך אין שטערען שפּיעגלען,
פערשווינדען ערד און אָרט, און זיי'רע ריגלען,
ערשיינען מיר די וועלטען יונג.

דעם „גאָר" פון „גאָרניט" זעה איך דאָרט זיך וועבען,
דער כאַאָס קריעגט אַ פעסט געשטאַלט.
איך זעה ווי לעערקייט וועקסעלט זיך אין לעבען
און שפּאַנט פאָראויס מיט אונבעוואוסטען שטרעבען
און ווערט דורך אייביגקייט ניט אַלט.

און פון די העכסטע הויך קוק איך אַרונטער,
— דאָס קליינקייט שווינדט מיר פאַר דעם בליק —
און אַלץ, וואָס איבער מיר און אַלץ, וואָס אונטער,
ערפרישט מיין גייסט און מאַכט מיך מונטער
און שטאַרקט מיין זעעלע ווי מוזיק.

דען אַלץ, וואָס איז געזונד, דאָס זעה איך בלייבען,
עס קען אין וועקסעל'ס לאַנגען שטרייט
דאָס קראַנקע נור, דאָס פוילע זיך צורייבען,
דאָס ג'זונדע — מיט אַ נייע לייב בעלייבען
און שטענדיג ווידערשטעהן די צייט.

איך זעה און גלוסט מיט יונגער קראַפט צו שאַפען,
אין האַרצען גליהט אַ נייע שיין,
דען ביי אונשטערבליכקייטס בעזעעלטען האַפען
פערליערט פערצווייפלונג איהרע שוואַרצע וואַפען
און ווערט בעזיעגט פון גרויסען „זיין“.

אָ, אייביגקייט! אונענדליכעס געוועהרען,
דו טיעפער וועלט־ים אָהן אַ גרונד!
איך הער דיין שטאַרקעס רוישען אין די שטערען
און פול מיט לוסט און פריידיגעס בעגעהרען
פערבינד איך מיך אין לעבענס בונד.



# ווינטער

א בעזע קעלט
פערכאַפּט די וועלט.
אַ ווייסער אומעט פאַלט און פאַלט,
די יונגסטע בוימלעך ווערען אַלט...
אָ, וועה! אָ, וועה!
דער וויסטער שנעע!
אַלצדינג ארום
איז פּוסט און שטום,
איז הויל און גרויל, און גראָה,
עס איז קיין יוגענד מעהר ניטאָ...
און ווילסטו זיך דערוואַרמען,
טאָ זאָל זיך גאָט דערבאַרמען!
דו טרעטסט מיט קראַפט, פון פראָסט געריהרט,
עס שרייט דער שנעע און פּראָטעסטירט...

# דער מאַסקענבאל

דאָס לעבען איז אַ מאַסקען־באַל,
די וועלט — אַ גרויסער מאַסקען־זאַל.
איעדער געהט אַרום פערשטעלט
אין אונזער טומעלדיגער וועלט.
עס טראָגען מאַסקעס קינד און גרייז,
און דער, וואָס פערמאַסקירט זיך גוט,
מעג הוליען מיט אַנאַנדער מוטה,
יא, ער געווינט דעם ערשטען פרייז...



# צום נייעם יאָהר

נייער יאהר, מיט גרויס העויה
פּאָהרסטו אָן צו וועלט און לייט,
דאָך עס וועט אויך דיין לויה
ענדליך קומען מיט דער צייט.

אָ, די צייט! דער בעזער רוח,
ס'איז פאַר איהר ניטאָ קיין צוים,
רק זי ענדערט אונז דעם לוח,
דאָס געזוועז'נע בלייבט אַ טרוים.

נייע „תקופות", נייע „מולדות",
נייע ענד'רונגען אָהן צאָהל,
אייביג איז די צייט אַ יולדת.
נייע ווינטערס, נייע פריהלינגס,
זי געבערט אונז לויטער צווילינגס —
טויט און לעבען מיט אמאָל...



# אַן עליה

(אַ טרוים)

---

אַ טרוים, — מיר דאַכט עס איז ראש חדש.
אַ ליכטיגע, אַ שעהנע, גרויסע שוהל,
מיט פרומע אידען, דאַוונער איבער פול
און איך שטעה נעבען ארון קודש.

איך ווייס ניט אויב איך בין מתפלל,
כאָטש אַרום מיר די קדושה היצט און ברענט.
איך האַלט אַ גראָבען סדור אין די הענד,
און מיש, מיר דאַכט זיך, אויף דעם „הלל“.

דער שמש איז אַ תם, אַ בריה,
ער קוקט מיך אָן און ווייס ניט וואָס איך בין;
ער געהט צום רב און פרעגט ביי איהם אַ דין
צי מעג איך קריעגען אַן עליה?

נו, פרעגט מיך דער „מרא דאתרא“:
— זייט איהר אַ פּראָלעטאַריער צי אַ איד? —
„זייט מוחל, רבי, איהר פערשטעהט דאָס ניט,
דאָס איז דאָך קיין „תרתי דסתרא“.“

— ניין — זאָגט ער — דאָס איז יא אַ סתירה!
זאָגט! גלויבט איהר מאַרקס'ען אָדער גלויבט איהר גאָט?

„אָ, וועלכע טענות, רבי'ניו, איהר האָט!
פיהרט מאַרקס חלילה צו דער כפירה?"

— איך ווייס, דאָך וואָס איז דאָ די פּעולה? —
שרייט אוים דער רב—וואָס שטעהט אויף אייער פּאָהן:
משיח צי די סאָציאַלע רעוואָלוציאָן?
ווי רופט מען, זאָגט מיר אייער גאולה?

„די גאולה פון די אָר'מע מענשען.
אַט דאָס איז, רבי, אויף מיין פּאָהן געשטעלט.
איך גלויב אין פרייהייט פאַר דער גאַנצער וועלט.
איך גלויב מען זאָל דאָס לעבען בענשען".

— דאָס לעבען! אָבער ניט דעם בורא?
ניט גאָט דעם איינציגען, ניט גאָט דעם הארר? —
שרייט אוים דער רב — גלויבט איהר אין „שכר"?
אין „עונש"? גלויבט איהר אין דער תורה?

„דאָס לעבען איז דאָך גאָט'ס מלאכה,
פערשטעהט איהר, רבי, ווען דאָס ווערט געלויבט,
ווערט שוין ממילא אויך אין גאָט געגלויבט.
איצט האָט דאָס לעבען ניט קיין ברכה.

„די תורה, יא, די אַלטע לעהרע,
זי קאָסט מיר טייער, יא, זי קאָסט מיר בלוט.
איך שעץ אין איהר אַלץ, וואָס איז רעכט און גוט,
דאָס איז מיין שטאַלץ, מיין קאַמפף, מיין עהרע!

„מיין גאָט איז איינציג, ניט געפלאָכטען,
איין גרויסע קראַפט בעהערשט מיין גאַנצען „זיין“.
אָט דיעזע קראַפט איז מיר געזאַנג און וויין.
פאַר איהר האָב איך מיט מוטה געפאָכטען...

„איך גלויב אין „שכר“, עס וועט בעקומען
זיין לוין דער שאַפער. דאָס איז וואָס איך האָף.
דער לעדיג־געהער זיין פערדיענטע שטראָף.
איך זעה די דערנער און די בלומען“...

דער „קורא“ האַלט שוין ביי „חמישי“,
דער שמש פרעגט ביי'ם רבי'ן וואָס צו טהאָן.
דער רבי קלעהרט און ווינקט פון אויבען־אָן:
— אַ איד... איהר מעגט איהם געבען „ש י ש י“...

„יעמוד!“ — הער איך רופט אוים ר' פייטעל
מיין נאָמען, געה איך צו דעם סופר באַלד,
מיין התפעלות פאַלט און מיין טלית פאַלט,
דאָרט שטעהט מיין באָס און האַלט די טייטעל!...



# זעלבסט-הילף

Help Yourself

דעם „ארבייטער רינג“ צו זיין צעהן־יעהריגען יובילעאום

---

איך זינג ניט צדקה און שתדלנות
מיט זייד און סאמעט צוגעדעקט;
איך זינג ניט „נעבאך“ און „רחמנות“;
מיין הויפט מאָטיוו איז זעלבסט־רעספעקט.

פאַר די וואָס שאַפען גליהט מיין מוזע,
פאַר די, וואָס העלפען זיך אליין,
וואָס קושען ניט דעם גביר׳ס מזוזה
אָלם בעטלער ביי זיין טהיר צו שטעהן;

וואָס עקלען זיך פון יענער „מצוה“,
וואָס קומט פון אויסגעטהיילטע רויב,
און האַסען טובות, שילטען קצבה,
וואָס וואַרפט אַריין דעם מענש אין שטויב.

איך זינג די אַרבייטער־פעראיינען,
וואָס ווייכען פון דער צדקה׳ס קלינג, —
וואָס געהען ניט פאַר רייכע וויינען
און זוכען הילף אין אייג׳נעם „רינג“.

אָ, זיי געגריסט דו העלער הימעל,
דו גרויסער „רינג“ מיט דיינע שטערען,
וואָס וועלצט זיך ניט אין מיטלייד'ם שימעל
און יאָמערט ניט קיין בעטלער־טרעהרען!

# שטראַהלען און ליעבע

קלאָהרער טוי אויף יונגע בלעטער
אין דעם גרינעם פריהלינגס־וואַלד,
ליעבסטע, איז דער שעהנער פערל,
וועלכער פון דיין אויג דיר פאַלט.

קומט דער שטראַהל און טרינקט די טראָפּען
מיט אַ מויל פון מאָרגענליכט,
קומט מיין ליעבע, טרינקט דאָס טרעהריל
פון דיין מיידעל־פריש געזיכט.

# פאַטאַ מאָרגאַנאַ

אין זאַהאַראַ ווען מען וואַנדערט,
אין דעם הייסען מדבר־זאַנד,
ווערט מען פלוצלינג שטאַרק פערוואונדערט
זעהענדיג בעוואוינטעם לאַנד,

גאָלד'נע שלעסער, זילבער־טייכען,
גערטנער פול מיט גלאַנץ און פראַכט.
צווייגען רייך מיט טיי'רע פירות
און יעטוועדער פרי לאַכט.

לעמער שפּרינגען אויף דער וויזע,
און דעם פאַסטוך זעהט מען קלאָהר,
און מען ווערט ענטציקט פאַר תענוג,
און מען מיינט, אַז אַלץ איז וואָהר.

אָבער אַך! דאָס איז אַ ליעגען,
אַ נאַטור־בלענד און ניט מעהר.
ס'איז אַ וויסטעניש, אַ ווילדע,
און ווי קומט אַ וועלט אַהער?

פונקט אַזוי אין לעבענס מדבר
טרעף איך פלוצלינג אָן דיין בליק
און ער וויזט מיר גאָלד'נע שלעסער,
און איך ווער ענטציקט פאַר גליק.

אָבער אַך! דאָס איז ניט אמת,
און עס גיט אין הארץ אַ ריס.
ס'איז אַ בלענד־בילד און איך בלאָנדזשע
ווייטער אין דער ווילדערניס...

# יוגענד מיט יוגענד

עס בליהט אַ בלום און איך געה צו:
„דו קליינע, אַ, דו שעהנע דו,
דו ליעבעס קינד פון פרייען פעלד,
מיט זונענשיין און דופט בעזעעלט;
דו בלום אין מאָרגענס עד'לען גאָלד!
איך האָב דיך ליעב. ה אָ ס ט ו  מיך האָלד?“

זי שמעקט מיט הימעל און מיט מאַי.
דער שמעטערלינג געניסט איהר פריי.
דער זשוקעל טאַנצט איהר דעם קאַנקאַן
און פון איהר בעכער נאַשט ער דאַן.
און איך שטעה אַלט און קאַלט, און שטום,
און לאַז צורוה דער יונגער בלום.



# דער ווידער-קול

איך האָב אַמאָל אין טיעפען וואַלד
געפייפט, געררופען און געשאַלט.
איך האָב אומזיסט מיין קול פערצעהרט,
איך האָב קיין עכאָ ניט געהערט.

ערשט איצטער, ווען איך לעב שוין קוים,
קלינגט אָב מיין ערשטער יוגענד־טרוים.
די טיעפע ליידען פון אַמאָל,
זיי צים׳רען אין דעם ווידער־קול.



# ווייכט און שווינדט!

---

אַלטע שאָטענס פון חלומות,
אַלטע שאָטענס ווייכט און שווינד'ט!
איהר וועט מיך ניט מעהר פערלאָקען,
איך בין שוין ניט מעהר קיין קינד.

כ'טרוי ניט מעהר די ווירקליכקייטען
כ'היט פערדעכטיג זיי'רע טריט,
און די שאָטענס פון די שאָטענס,
זיי געטרוי איך זיכער ניט.



# אוים ווינטער

די זון האָט דערלאַנגט מיט איהר גאָלד'נעם שטראַהלען־בייטש
דעם ווינטער'ס ווייסע פערד, זיי זיינען ניט געוואָרען.
אַוועקגעפאָהרען איז דער בייזער פריץ פראָסט,
די וויסטע, טריבע וואָלקען האָבען זיך פערלאָרען.
געקומען איז אַ יונגע ערד דער וועלט צו גאַסט,
און נייע, בלאָהע הימלען נייגען זיך מיט שלום.
דאָס אַלטע האַרץ פערווינגט זיך, דער גענוס ווערט פריש,
און פון בעשטראַהלטען גרין שטעהט אויף דער שענסטער חלום.

איך גרים דיך שעהנער טרוים, איך קען דיך פון אַמאָל,
אין דיינע מילדע אָרעמס בין איך זאַנפט געלעגען.
אומאַרעמט האָב איך מאַנכען שאַטען אין דיין שוים,
אויף דיינע גרינע בערג געדענק איך שטומע שטעגען...
דאָרט האָב איך די ליעבע בעגעגענט און איהר וועה,
די האָפענונג און איהרע זיסע נאַררייען.
אוים ווינטער ווערט אין ברוסט מיר ווען איך דענק אָן דעם,
און טויטע וועלטען אין מיין זעעלע זיך בענייען.



# קושען

דו, מיט דעם לאַבענגדיגען מויל
פול מיידעל־פרישע ליעבע!
מיין חלום'ס ערשטע סיבה —
דו קושט מיך היים און מיר איז וואויל.

דיין נחת און דיין קוש צו זיין,
דאָס איז אַ טעם גן עדן,
די פרייד פון אַלע פריידען —
דיין ליעבשאַפט איז ווי שטאַרקער וויין.

דו רעדסט ניט, נור דיין בוזים שלאָגט,
דיין בליק איז הייליג פייער,
און איך געניס אַ פרייער —
די יוגענד בליהט, דאָס לעבען טאָגט.



# אומזיסט געוואַרט

דער טאָג, דער וויסטער אונרוה האָט זיך שטיל פערנייגט,
דער טרוימערישער אבענד קומט מיט זאַנפטע טריט.
מיט אַ קלאַפּעדיגען הארצען וואַרט איך, ליעבסטע,
די שפּעטקייט ווינקט פון וויטען, דאָך איך זעה דיך ניט.

דער טייכעל לייענט קריאת שמע, ס׳פּיפּצען „גוטע נאַכט“
די פויגעלעך, דער הימעל מיט דער ערד זיך פּאַרט...
נור איך אַליין שטעה אין פערשטומטער איינזאַמקייט,
פער׳יתום׳ט וואַרטענדיג אויף דעם בעשטימטען אָרט.

האָט דיר דער פּאָטער, האָט די מוטער דיר געשטערט?
האָט הויז־פּפליכט צוגעהאַלטען דיינע זיסע טריט?
צי האָט דיין עלט׳רע שוועסטער דיר פערשטערט דאָס גליק?
זי וויים ווי טיעף איך ליעב דיך און פערגינט דיר ניט!



# מיר שווייגען

דער טהאָל־שטראָם טראָגט אונזער לאָדקע גרינג,
פון וועלדעל גריסען אונז די צווייגען —
מיר ווייסען ביידע פון אַל־דאָס דינג,
און קוקען זיך אָן נור און שווייגען.

איין וואָרט אפילו וואָלט זיין צופיעל
אום אונזער ענטציקונג צו צייגען —
די לבנה לייכט, די לופט איז קיהל,
מיר זיצען זיך ביידע און שווייגען.

די וועסלעס רודערען אין דער פלוט,
ווי סודות פון דעם וואַסער שטייגען —
מיר ווייסען איינס נור, אַז אונז איז גוט,
מיר זיינען בעגייסטערט און שווייגען.

אונז האָט אַמאָל שוין זינקען געוואָלט
דער ווינד, אָבער ווער וואָלט דאָס דאגה'ן?
מיר האָבען זיך ביידע הערצליך האָלד
אפילו אין נאַכט און אין שווייגען...



# צו אַ פויגעל

וואָס זינגסטו ביי מיין פענסטער?
זאָג, פויגעל ליעב און קליין!
דערצעהלסט מיר, אַז דערויסען
ווערט וויעדער העל און שעהן?

דו רעדסט פון בלאָהע הימלען,
פון יונגען פריהלינגס גרין,
פון גראָזען און פון בלומען,
און רופסט אין פעלד אַהין.

דו ברענגסט מיר גוטע בשורות
פון פריש־ערוואַכטען גליק, —
אָ, גיעב מיין גרינע יוגענד,
מיין ליעבע מיר צוריק!

וואָס פרעהט מיך ערד און הימעל,
און וואָס דיין אייג׳נער ליעד? —
מיין האַרץ קען מעהר ניט בליהען
און איך בין קראַנק און מיד.



# אייפערזוכט

ביזט שעהן, עס שס׳ט מיט דיר די שטאָדט,
דיין שעהנהייט איז פערבונדען מיט סכנות,
מיט אייפערזוכט. איך אייפער גאָט,
ער גיט דיר צופיעל טהייערע מתנות...

עס האָט קיין פרוי ניט אין דער וועלט
אַזעלכע גאַבען, רייך און שעהן ווי דיינע.
דאָס גיט ער די, וואָס איהם געפעהלט,
דאָס שענקט ער די, וואָס ער קען רופען זיינע.

אַזעלכע בלייבען ניט אויף דר׳ערד,
ער גיט זיי אָב אין זיין הארעם אַ דירה,
הימעלש מאַכט ער זייער ווערטה.
מלאכים ווערען זיי און זינגען שירה.

דאָס וויל ער צופיעל שוין פאַר זיך,
דאָס טאָר אַ גאָט אפילו ניט פערלאַנגען.
אויב יא בעזינגען — דאַרף ער ד י ך,
דו קוואַל פון אַלע הייליגע געזאַנגען.

און מוזטו געהן, דאַן געה איך אויך,
איך קען אָהן דיר אין דיעזער וועלט ניט לעבען.
איך בלייב מיט דיר אין גאָלדנעם רויך,
אַוואו די זינגענדע מלאכים שוועבען.

# פערענדערט

איך האָב דיך שוין לאַנג ניט געזעהן,
דיין געגענוואַרט לאַנג ניט בעזעסען,
דאָך קען איך זיך קיינמאָל פערגעסען,
ווי וואונדערשעהן דו ביזט געוועןֿ.

אַ רויז איז געוועז דיין געזיכט.
דו האָסט ווי אַ בלום צווישען גראָזען
אַ חן און אַ ריח צולאָזען,
און האָסט מיך בעגייסטערט ווי ליכט.

איך האָב זיך געקוויקט מיט דיין בליק,
מיין זעעל׳ האָט דיין שמייכעל געגעסען —
מיין ליפּ פלעגט אָן דיינע זיך פרעסען,
און איך בין געשוואומען אין גליק.

איצט ביזטו פערוועלקט — זאָגט מען מיר —
איך וואָלט דיך ניט וועלען בעגעג׳נען,
אום איך זאָל ניט דארפען זיך ג׳זעג׳נען
מיט מיינע זכרונות אָן דיר.

# אַ ליעבעס-ליעד

פערסיש פון מירצא שאפי.

---

קוק איך זיך אויף דיינע צאַרטע פיסלעך איין --
בעגרייף איך ניט, דו זיסע מיידעל,
ווי זיי אַזוי פיעל שעהנקייט טראָגען קענען!

קוק איך זיך אויף דיינע קליינע הענטלעך איין —
בעגרייף איך ניט, דו זיסע מיידעל
ווי זיי אַזעלכע וואונדען שלאָגען קענען!

קוק איך זיך אויף דיינע רויזע ליפען איין —
בעגרייף איך ניט, דו זיסע מיידעל,
ווי זיי אַ זיסען קוש ענטזאָגען קענען.

קוק איך זיך אויף דיינע קלוגע אויגען איין —
בעגרייף איך ניט, דו זיסע מיידעל,
ווי זיי מיט מעהרער ליעבע פלאָגען קענען!

ליוט ווי איך פיהל, — קוק מיך גנעדיג אָן!
וואַרמ'ער ווי מיין הארץ, אָ, זיסע מיידעל,
וועט שוין קיין מענשענ־הארץ דיר שלאָגען קענען.

אָ, הער זיך נור אָט דיעזען ליעדעל איין!
שעהנער ווי מיין מויל, דו זיסע מיידעל,
וועט מעהר קיין מויל דיר ליעבע קלאָגען קענען.

# צו דער געליעבטע

(געפינענדיג איהר אין אָריטע עגונה)

ביזטו דאָס, ליעבסטע? בלייך און אָרעם, און פערלאָרען!
די אויגען אויסגעוויינט און שטאַר, מסוכן!
מוז איך דאָס איצט מיט טרעהרען קוקען,
וואָס פון מיין ערשטע ליעבע איז געוואָרען?

וואו איז דיין מאַן? ווי לאָזט ער דיך אין קוואַלען?
יא, דיך, די שעהנסטע פון די מענשען,
וואָס איך פלעג דיענען הייס און בענשען
אַלס אידעאַל פון מיינע אידעאַלען!

דורך שטורם און געוויטער פלעג איך איילען
אַ רגע נאָר אויף דיר צו בליקען,
כ׳פלעג לויפען אויף צובראָכ׳נע בריקען...
אין דיין געווינשטע נאָהנטקייט צו פערווייל

איך האָב געמיינט דאָס גליק האָט דיך געטראָפען,
האָב איך שוין ניט געדענקט מיין פיין מעהר,
געוואוסט, דו קענסט ניט מיינע זיין מעהר,
איז טרעפען גליקליך דיך געזוען מיין האָפען.

נו, זעה איך דיך אין איינזאַמקייט פערדארבען,
דיין וואוינונג, ווי דיין קלייד, איז אָרעם —

אַ לעבעדיגער טוידטער צווישען קברים,
אַ טרוים, וואָס וועט אין האַרץ מיר קיינמאָל שטאַרבען.

איך האָב פון שטראַהלען קליידער דיר געשפונען,
פון ליכט פּאַלאַצען דיר געמויערט,
ווי האָב איך איצטער בלייך, פערטרויערט,
אין פינסט'רע נויט דיך, ליעבסטע, דאָ געפונען!

# אָ, גיעב מיר צוריק ...

אָ, גיעב מיר צוריק די פערגאַנגענע יאָהרען.
די צייט ווען נאַטור איז נאַטירליך געווען;
ווען דו האָסט געזעהן וואָס דיין אויג האָט געזעהן,
און האָסט זיך אין טעות פון בלענד ניט פערלאָרען;
אָ, גיעב מיר צוריק דאָס אונשולדיגע לעבען,
וואָס האָט אַן עליות נשמה געגעבען!

אָ, גיעב מיר דאָס שטילע, דאָס עדעלע וועזען,
מיט שנעע־ווייסע פערל־צייהן און אייגענע האָאר,
און גליעדער ווי אויסגעטאָקט, חנ'עוודיג, וואָהר,
דורך וועלכע דו האָסט אַ נשמה געלעזען! —
דער בוזים, וואָס האָט מיט נאַטירליכען צויבער
געוואונען דיין הארץ און געמאַכט דיך אַ גלויבער.

אָ, גיעב מיר צוריק יענע היילינע בליקען,
וואָס האָבען פערשעהמטע אַרונטערגעקוקט,
פאַר וועלכע עס האָט זיך אַ זעעלע געבוקט,
פערבענקט און געטרוימט פון די עדעלסטע גליקען!
אָ, גיב מיר צוריק יענע אידישע מיידעל
מיט פשוט'ער שעהנקייט און פשוט'ער קליידעל!

אָ, גיעב מיר צוריק יענע בערגלעך די גרינע,
וואו איך האָב גע'חלום'ט, געבלאָנדזשעט אַמאָל!
אָ, גיעב יענעם פויגעל'ס בעגייסטערטען קול.

וואָס האָט נאָך געקלונגען אָהן כעס און אָהן שנאה !...
אָ, גיעב מיר דעם אמת, וואָס איך האָב בעגעגענט,
אין יוגענד'ס בעבלומטען, בע'כשופ'טען געגענד !

אָ, גיעב מיר די אַלטע, די שטילע געשטאַלטען,
וואָס האָבען זיך לאַנגזאַם און זיכער בעוועגט,
וואָס האָבען דעם נערוועך־געוועב גיט גערעגט,
דעם גייסט נים געמאַטערט מיט פרעמדע געוואַלטען ;
די רוה נים געריסען מיט טייפעל'שע צוואַנגען
נאָך גליקען וואָס זיינען נים ווערטה צו דערלאַנגען.

אָ, גיעב מיר מיין יוגענד צוריק ; מיינע פריידען !
אָ, גיעב דאָך מיין אייגענעם „איך" מיר צוריק !
די ליעבע אין הארצען, די ליכט אין מיין בליק ;
די וועלט, וועלכע האָט מיר געשמעקט מיט גן־עדן.
אָ, גיעב מיר מיין גלויבען צוריק אין די מענשען !
כ'בין מיד שוין פון שילטען, עס ווילט זיך מיר בענשען...

# מיין שטיבעלע

מיין שטיבעלע איז אַלט,
פערוואַקסען, מאָך און גראָז.
דער אַלטער דאַך צופאַלט,
דער פענסטער האָט קיין גלאָז.

די פריזבע איז פערפוילט,
דער גאַנאָקעל פערמעקט.
אַ בעזע לעערקייט גרוילט,
אַ שטילער אומעט שרעקט.

דער ברונען איז פערלעגט,
קיין וואַסער קוועלט דאָרט ניט,
דער דוב צו דר'ערד גענייגט,
פערדאַרט און אָבגעבליהט.

קיין פויגעל; קיין געזאַנג;
קיין לעבעדיגער בוים;
קיין בלום; קיין ליפען־קלאַנג —
אַן אויסגעטרוימטער טרוים.

דאָך ליעגט נאָך פונקט ווי פריה'ר,
דער שטיין אויף יענעם אָרט,
וואו איך האָב אָפט פון איהר
געהערט דעם זיסטען וואָרט.

# די געפאַנגענע

דו לאָזט זיך ניט אומארמען,
דו יונגעס, שעהנעס ווייב,
לאָזט זיך מיין ברוסט ניט ווארמען
אַן דיין געבענשטען לייב.

דו לאכסט פון מיין פערלאנגען
און פיהלסט ניט ווי דיך האלט
מיין זעעלע ווי אין צוואנגען
און האלט דיך מיט געוואלט.

דיך האלטען מיינע ליעדער
און לאָזען דיך ניט געהן.
דו, מיט די צארטע גליעדער
געהערסט נור מיר אליין.

די פערזען מיינע קלינגען,
דו ביזט אין זיי געשמידט.
דו ביזט מיין זינגענ'ס זינגען,
און מיינע ליעדער'ס ליעד.



# צו אַ מיידעל

איך ווייס ניט, מיידעל, וואָס דו ביזט,
איך קען דיך ניט פערשטעהן.
דו האָסט צוויי יונגע, פרומע בריסט,
דו האָסט אַ לייב אַלבאַסטער קלאָר;
דו האָסט אַ קאָפּ מיט זייד'נע האָר;
דו האָסט צוויי שורות פערל־צייהן,
און ראָזע באַקען וואונדערשעהן;
האָסט אויגען פול מיט פרייד און ליכט;
דו האָסט אַ הימעלשעס געזיכט,
צוויי ליפּעלעך ווי רויזען רויט,
מיט יוגענד'ס פרישען טהוי בעטהויט;
האָסט צאַרטע הענד און קליינע פיס,
אַ זאַנפטע שטימע צוקער זיס.
אַ פלעשעל־העלזעל איז דיין סטאָן,
אַ תענוג נור אַ קוק צו טהאָן,
ביזט שאַפונגס שעהנסטע, ליעבסטע פרייד,
פאַר גייסט און לעבען אָנגעגרייט.
דיין מינע בליהט, דיין בוזים גליהט,
נור — לאַנגען נחת גיט דאָס ניט...

# אַ מת

עס וואַרעמט זיך מיין קאַלטער זכרון
אָן דער ערשטער ליעבעם פולע ברוסט.
אַ ווייטער נחת, אַ ווייטע לוסט.
ניטאָ, ניטאָ זיי, די יונגע יאָהרען!
איך דערמאָהן מיך און איך פערגעס,
און איך טוליע זיך צו אַ מת...

# „טרוג-לאַנד”

(לויט ליליענס אַ צייכנונג)

---

מיר לעבען און גלוסטען מיט הייסען בעגעהרען,
פערגעסען די זאָרג־וועלט אין גאַנצען.
עס קרייזען אַרום אונז די ליכטיגסטע שטערען
און מאָרגען־יונגע זונען גלאַנצען.

מיר לעבען אין קושען און העכערע גליקען,
עס שטראַהלען תענוגים אין אונזערע בליקען,
אַ אייב'גע צופריעדענהייט וואַכט,
דאָך האַלט אין די הענד אונז דער שיקזאַל ווי נאַרען,
און פלאַנעוועט אונזערע ליידען און צער'ען, —
און קוקט אונז אָן טייוועלש און לאַכט.

# דער באַרג און דאָס זאַמדעל

(אַ פאַבעל)

---

אַ קערענדעל זאַמד
פון פלאַכען לאַנד,
האָט זיך בעטראַכט
און אַ חשבון געמאַכט:
„איך ליעג יאָהר נאָך יאָהר
מיט קליינוואַרג נאָר,
אויף פלאַכע ערד
און האָב קיין ווערט,
יעדער טרעט מיך
און פערשפּעט מיך.
ניט ווייט שטעהט אַ באַרג;
זיין מעכטיגער קאַרק
שפּאַרט אונטער די הימלען,
וואו די וואָלקען דרימלען,
מיין לוסט האַלט אין מאָנען
מיט איהם זיך צו קאָנען.
אַ באַרג איז דאָך אויך
נור געוואַלדיג הויך
דורך קליינע קערנער.
ער האָט דען הערנער?
ס'איז אַלץ נור מערכה...

מיר זיינען דאָך משפחה...
כ'שווער ביי ערד און אויר
צו ווערען זיין חבר!"...

---

און דאָס זאַמדעל קלערט
ווי אַזוי דאָס ווערט,
יא, ווי קומט מען פאָרט
צום גיגעלניק דאָרט?
דאָך ער האָט אַ פּלאַן,
ער איז שוין פאַראַן.

---

אַ פויגעל מיד פון פליהען,
פון רייזען און פון ציהען;
פון ווייטע פרעמדקייט פליעגלען
און זיך אין ימים שפּיעגלען,
האָט זיך אויף דר'ערד געשטעלט.
דאָס זאַמדעל קוקט און קוועלט.
דער פויגעל רוהט אַביסעל.
איהם קלעפּט זיך אָן אין פיסעל
דאָס זאַמדעל מיט אַ מעהן
אין דר'הויך אַרויף צו געהן.
און זעה! דער פויגעל פליהט
און טראָגט דעם קאַרליק מיט.

---

קוים האָט דאָס ברעקעל שטויב
דערלאַנגט זיך הויך אַ הויב,
איז ער געוואָרען גיך
שטאַרק גדול'דיג ביי זיך:

„איך בין דורך דיעזען פלוג
גאָר פון דעם העכסטען גראַד,
שוין גרויס און גוט געגוג,
ערהויבען, הויך און קלוג
צו זיין דעם באַרג'ס קאַמעראַד".
און גאוה'ג, אָנגעבלאָזען,
מיט חוצפּה שטאַרק
האָט ער צום באַרג
זיך פרעך אַראָבגעלאָזען.

---

דער באַרג האָט גאָר ניט געשפּירט.
וואָס דאָ האָט פּאַסירט;
האָט ניט בעמערקט דעם גאַסט,
וואָס האָט מיט קליינקייט, האַסט,
פערדאַמט דעם גרויסען „חטא"
און האָט מיט כעס גערעדט:
„מיין וואונש זייט יאָהרען איז געווען,
אָ, באַרג, מיט דיר זיך נור צו זעהן.
איך האָב געטראַכט גאָר אָהן אַ סוף:
מיר שטאַמען פון דעם זעלבען שטאָף,
משפּחה, יאָ, פון אייגענעם מין,
איך מוז דורכאוים צו דיר אַהין.
ביזט גרויס, דו האָסט אַ שם,
פערדאַנק דעם גליק פאַר דעם...
דו האָסט אַ ג'ווישע הויכקייט, האַסט,
דאָך איך האָב מיך אַראָבגעלאָזט
צו דיר איצט פון אַ העכ'רע וועלט.
כמעט פון הימעלשען געצעלט...

ווען מען קוקט פון דאָרטען אַראָפּ
האָסטו אַ פּנים פון אַ סנאָפּ,
דאָך ווען איך קום צו גאַסט ביי דיר
פערבלייבסטו גלייכגילטיג צו מיר,
דערקענסט קיין אייגענעם, קיין פריינד,
אַזעלכע זאַכען האָב איך פיינד!
איז דאָס דיין ערנסט, צי דיין שפּאָס?
איך בין אין כעס!"

---

דער באַרג האָט קוים געהערט די שטים
פון ברעקעל שטויב וואָס האָט צו איהם
געשריען בייז און זיך בעקלאָגט,
דאָך האָט ער שמייכלענדיג געזאָגט:
„הער אוים! דו שטיקעל זאַמד,
פון נידעריגען שטאַנד,
דיין בייזער קול,
וואָס שמעקט מיט טהאָל,
אין מיר אומזיסט
זיין חוצפּה שיסט.
וואו ביזטו מיר אַ פריינד
און וואו איך דיר אַ פיינד?
דו קריכסט אין יחום מיר אַריין,
וואָס פאַלט דיר איין?
דו ביזט אַ שטויבעל, קליין און שוואַך,
און איך אַ פעלז, אַן אייביגע זאַך,
פון וואָלקען העכער נאָך אַ סך.
דו האָסט קיין ווערטה,
דאָך טיעף אין דר'ערד

שטעהט פעסט מיין שטאַם,
מיך קען דער ים
ניט אָבשטויסען קיין שפּאַן.
איך בין פאַראַן,
ווי גאָט און וועלט
אויף קראַפט געשטעלט.
איך האָב נאָך דיר דאָ ניט געשיקט,
בין פון דיין קומען ניט ענטציקט,
דיין געגענוואַרט מאַכט מיך ניט גרעסער
און דיין אַוועק־זיין — מיך ניט קלענער.
פערמאַך דיין סנוק, וועט זיין פיעל בעסער,
זיי שטיל און קוק, וועט זיין פיעל שעהנער,
מיר, בערגער, האָבען אונזער שניט,
אויב מען בעזוכט אונז אָדער ניט,
דערצו נאָך קליינע, „קיי און שפּיי“,
ווער דאַרף זיי האָבען, סיי ווי סיי?
מיר האָבען פריינד ווי אונז'רע פאַסט:
דער דונער קומט צו אונז צו גאַסט,
דער שטורם שלאָפט ביי אונז אין בעט,
דער אָדלער קומט, דערצעהלט און רעדט,
דער בליטץ פערבלאַנדזשעט אָפט און לאַכט,
און שטיפט מיט אונז די גאַנצע נאַכט,
און ווען ס'קומט קיינער ניט צוגעהן,
פערברייננגען מיר מיט זיך אַליין...

# דער וואַקס און דער ציגעל*)

(אַ פאַבעל)

---

אַ שטיקעל וואקס געל און שוואַך,
אַ נעבאַך־זאַך —
האָט אַמאָל זיין געזיכט,
אונגעריכט,
אין שפּיגעל דערזעהן:
„אָ, וועה געשעהן!
אָ, בייזע נויט!
איך זעה אוים טויט...
קיין טראָפּען בלוט,
קיין פאַרב,
מיר ווערט ניט־גוט,
איך שטאַרב!
קיין ברעקיל קאָליר,
וועה, וועה צו מיר!"...

---

אַזוי האָט דאָס וואקס געקלאָגט
און קינות געזאָגט
און איז מיט לייד אַוועק פון שפּיגעל
און האָט בעגעגענט אַ ציגעל.

---

*) די אידעע פון דעם דאָזיגען פאַבעל האָב איך אַלס קינד געזעהן אין אַ אידישען ספר, איך געדענק ניט אין וועלכען. דאַכט זיך אין דעם דובנער מגיד'ס משלים.

אַ ג׳ונדען יונג מיט רויטע באַקען,
מיט אײַזענס זיי צו האַקען.
דאָס געלע וואַקס האָט מיט קנאה געקוקט
אויף דער רויטער צורה
פול גבורה,
פול קראַפט און האַפט
מיט גלאַנץ בעטאָגט —
און האָט זיך צוגערוקט
און האָט געזאָגט:

---

„דו שעהנער, זוניגער חלום!
נאַ דיר שלום!
אָ, ליעבער פריינד,
ווי ג׳ונד עס שיינט
דיין יונגער פנים
מיט אַלע סמנים
פון מאַכט און פראַכט.
קיין עין הרע!
און איך בין אַ צרה,
צוקוועטשט און געל,
אויפ׳ן טוידטען־שוועל.
אין דיר איז יוגענד־פאַרב פאַראַן
און איך זעה אוים
— אָ, איך געה אוים —
אַ בן מנן.
אויף דיר צו קוקען
איז זיך צו בוקען;
צו זינגען שירה;

מיין געלע צורה
רעדט פון קבורה,
פון דער פטירה...
וואָס טהו איך דערצו
כ'זאָל אויסזעהן ווי דו?"

---

„אַ ביטערע רחמנות,
אויף מיינע נאמנות!"
— האָט דער ציגעל געזאָגט —
„דו זעהסט אויס פערצאָגט.
כ'וואָלט געיאָמערט גערן,
בין איך הארט אויף טרעהרען...
ביזט נעבאַך גאַנץ גערעכט,
דו זעהסט אויס זעהר שלעכט.
מען מוז מיט אַזאַ געשטאַלט
זיך פיהלען קראַנק און אַלט.
טאָ הער אויס דעם זין,
וואָס מאַכט מיך וואָס איך בין!
יא, הער אויס מיט קאָפּ
און שרייב דאָס דיר אָפּ!

---

„כ'האָב אַמאָל אויך געהאַט אַ פּנים,
אַזאַ יאָהר אויף אונז'רע שונאים!
אַ פּנים ווי בלאָטע.
אַ בראָך צו די שטיוועל, די קאַפּאָטע,
וואָס האָט צו מיר זיך צוגעריהרט,
דאָס איז געוואָרען אויסגעשמירט
אין ליים, אַ שרעק צו זעהן.

נאָר הער וואָס איז מיט מיר געשעהן !
מען האָט אַן אויוועך — אַ גיהנום,
אַ שרעק געווען צו זעהן איהם —
געשפּייזט מיט פלאַמען נעכט און טעג,
געהייצט, געהייצט איהם אָהן אַ ברעג.
אָט דאָרטען האָט מען מיך געבראַכט.
אַ יעדער אויסוועג שטאַרק פערמאַכט.
אין יענעם העליש־ווילדען בראַנד
בין איך געלעגען נאָכאַנאַנד
אַ לאַנגע צייט
און בין — ווי דו זעהסט —
אַרויס רויט און פעסט,
אַרויס אַ לייט"...

---

דער וואַקס האָט דאָס געהערט
און האָט געקלעהרט :
„געלויבט איז גאָט !
איך וויים דעם סוד.
איך טהו דאָס אייג'נע אַקוראַט
און ווער אַ כוואַט"...
דער כלל, אַ נייע וועלט :
ער ווערט אַ ציגעל...
איז ווי אויף פליגעל
אין אַן אויוועך היים און גרוים
מיט אימפּעט אַריין,
דאָך, ביטערע פּיין !
ער ווערט קיין העלד —
ער וועלצט זיך,

צושמעלצט זיך,
ווערט פערצעהרט
און צושטערט,
און איז ניט מעהר ארוים.

# די קאַץ און דער פויגעל

(אַ פאַבעל)

אַן אַלטע, געאיבטע קאַץ, —
איינע פון די מייז
אין כאַפּען מייז —
וואָס איהר יעדער קראַץ
פלעגט מאַכען אַ בראָך
אין מויזען־לאָך,
וואו די גרעסטע ראַצען
פלעגען שיער פּלאַצען
און זיך בעהאַלטען
אין די שפּאַלטען —
אָט אַזאַ מין קאַץ
האָט דערלאַנגט אַ שאַץ
מיט קעצישען מח —
איהר גרויסען כח,
אַז ניט נור אויף דר׳ערד
קען גילטען איהר ווערטה,
אַז ניט נור קען זי דערטאַפּען
און כאַפּען
דעם גרעסטען מאַגנאַט
פון אַ ראַט,
און דעם קליגסטען שרץ
לערנען דרך ארץ,
נור אויך הימעלשע ברואים

קען זי אַנטהאַן ענוים,
בעשעפּניסען מיט פליעגלען
דעם חורבן פערזיעגלען —
און זי האָט געוואָרפען אַן אויגעל
צו כאַפּען אַ פויגעל,
איהם ווערגען און עדערען,
אויסרייסען די פעדערען
און טאַקע געניסען
אַ פעטען ביסען.

---

מיט מוטה און גבורה
אין איהר קעצישע צורה,
דעם עק פערשטעלט
פון דער וועלט —
איז די אַלטע קאַץ, די כיטרע,
מיט אַ בליק שאַרף ווי אַ בריטוועַ —
אָבער שאַ, שטיל, איהר פּלאַן פערשטעלט
אַרוים אין פעלד.

---

זי האָט געגאַרט,
מיט אונגעדולד געוואַרט
אַ פויגעל זאָל געפעלען
צו גאָרגלען טרעלען
אויף דר'ערד,
אומגעהן, שפּרינגען,
פערטראַכטערהייט זינגען,
אַ קערענדיל כאַפּען,
אַ ברעקעל דערטאַפּען,

כדי זי זאָל קענען
מיט אויגען וואָס ברענען,
מיט נעגעל און צייהן —
דערפיהלט איהר מייהן:
צו טויטען געשווינד
אַ הימעלשען קינד.

---

און גיך ווי אַ טרוים,
פון אַ שפּיץ בוים,
איז אַ פויגעל ניט בעקלערט
אַרונטער אויף דר'ערד.
געשטאַנען, געוויינט, געלאַכט,
זיך זינגענדיג פערטראַכט
מיט פרייד, מיט צער,
ניט געדענקט פון געפאַהר.
אָבער די קאַץ, וואָס האָט פערשטעקט,
זיך בעצייטענס בעלעקט
פון איהר געפלאַנטען שלונג —
האָט דערלאַנגט אַ שפּרונג
צום פויגעל מיט כעס,
דאָך „בע“ און שפּאַס!
דער פויגעל איז שנעל ווי אַ בליץ
געשטאַנען אויפ'ן שפּיץ
פון העכסטען בוים און געזונגען,
חוזק געמאַכט און געלאַכט,
און געקלונגען:
„אַ, ווילדע קאַץ!
בעטראַכט און פּלאַץ!

ווי הויך איך בין!
ווי שעהן און גרין
עס איז דער צווייג
אוזאו איך שטייג;
די פרייע דירה
פון מיין שירה!
קענסט נור שרצים און רמשים
סטראַשען מיט ענוים קשים.
אַ, גרויסער כוואַט!
דו מאַכסט נור מאַט
אין לאַך די מייז.
האַ־האַ!... איך לאַך,
דו טמא זאַך!
פראַביר און ווייז
דיין קונץ אויף גיך
און כאַפּ נור מיך!״....

---

„און כאַפּ נור מיך!״
האָט דאָס געאָרגעלט
און געגאָרגעלט
דורך דעם וואלד
מיט שפּאָט און גוואלד —
פון יעדער נעסט.
„דו ערד! דו פעסט!
דו ברוד! דו שופט!
קום! אין דער לופט.
קום! פליה אונז נאָך,
דו לומפּ! דו בראָך,

אין שמוץ פערטראַכט...
לאַכט! קינדער, לאַכט!"

---

„עס איז קיין ניי'ס".
האָט די קאַץ געפינטעלט מיט די אויגלאַך,
„צו כאַפּען מייז,
איז ניט צו כאַפּען פויגלאַך"...



# אויף אַ פּאַרם

(אַ פֿאַבעל)

---

דער האָהן קוקט אויפ'ן געזימס פון דאַך
און זעהט ווי דער נעסט איז דאָרט לעער,
ניטאָ שוין קיין פויגעלעך מעהר.
ער ווענד'ט זיך צום שוויין
„קום, פריינד, הער זיך איין,
וואָס איך וועל דיר זאָגען און לאַך!
איך האָב זומער צייט
ניט פערגונען די לייט,
וואָס האָבען דעם נעסט אָנגעפילט
דאָרט אויבען, געזונגען, געשפּיעלט.
אָט ווי זינגעריי
איז ביי מיר „קיי און שפּיי"
און איך האָס די לופטיגע געסט
ווי אַ פּעסט,
ווייל זינגען שעהן
קען איך אַליין,
דאָס ווייסטו, ליעבער שוויין,
אַליין מודה זיין;
מיין שטימע איז שטאַרק,
מיך הערט אַזש דער מאַרק...
איך זינג לויט געברויך
און האָב גרעס'רע פליעגלען אויך;
דאָך פלעג איך אָפט שטעהן

אַ פּערטראַכטער, אַליין
און הערען דעם געזאַנג
שטונדען לאַנג.
אַ חרפּה אָן אַ זייט,
כ'האָב מקנא געווען די לייט,
זייער זיין אַלץ פון אויבען,
און יעד'רער זאָל זיי לויבען,
ערשט איך קוק אַרויף אין דער הויך,
זיי זיינען אַוועק ווי אַ רויך!
אַרום-טרייבער, מוזען געהן זוכען ברויט.
אָבער אונז איז קיין נויט.
מיר זוכען ניט דאָ און דאָרט,
מיר זיצען אויף אָן אָרט.
מיר טרעטען גאָט'ס ערד,
מיר לעבען מיט אמונה
און האָבען חיונה.
דו האָסט אַ שטאָל, איך אַ שטייג,
אָבער זיי — אַ פייג!

---

דאָ האָט דער האָהן
אַ פּאַטש געטהאָן
די פליעגעל, און אַ קרעה,
און מיט די שפּאָרען אַ געה,
עס איז געוואָרען אַ געשריי:
די הינד האָבען גענומען בילען,
די אָקסען ברילען,
די פערד הירזשען, די עזעל ריטשען,
די גענז שרייען, די שווינען קוויטשען,

די ציגען מעקען,
די בעק בלעקען,
די אינדיקעס האַלדערען,
די היהנער פּאַלדערען
און דער „דבר אחר“,
ווי אַ גאַנצער מאַכער,
האָט דערלאַנגט אַ קוק,
האָט געעפּענט די שנוק
און געגעבען אַ כריוק.
„געוויס“ — האָט דער חזיר געענטפערט — „צואוואָס
ליידען נים? מיר האָבען אַ בעל הבית...
ער לאָזט אונזער קאָרעטע
קיינמאָל קיין פּער'צרה'טע.
דו קרעהסט, איך כרוקע
און מיר רוקען אין שנוקע.
אָבער די סוויסטונעס, די זינגער,
די פליהער, די שפּרינגער,
די גאָרגלער, די גרימבלער,
די בימבלער, די צימבלער,
זיי זייגען אָרעם ווי זינד
און וואָגלען ווי ווינד.
אַ דאַנק די וועלט פאַר איהר שווינערייי!
מיר ליידען קיינער ניט דערבייי“...

---

אַזוי האָבען חזיר און האָהן גערעדט
מיט געשפּעט
פון די אָרעמע זינגער
די פריידען־ברינגער.

וואָס פערלאָזען זייער נעסט
דורך דעם ווינטער׳ס פרעסט,
און מוזען וואָגלען, וואַנדערען
פון איין אָרט צום אַנדערען.
אָבער אַ פּאַרמער האָט זיינע פּלענער:
ער דאַר׳ פלייש און מיסט,
ער האַלט ניט אומזיסט
קיין חזירים און העהנער...
ער האָט דעם חזיר געשטאָכען,
דעם האָהן געקעפּט.
דער ווינטער איז פערקראָכען,
דער מאַי האָט אויפגעלעבט,
די פויגלעך זיינען געקומען,
בעזונגען די בלומען,
זייער אויבען־אָן פערנומען.



# עפיגראַמען

מענה לשון.

די פרוי וועט מוחל זיין אַ סך
און זאָגען „איך פערצייהע",
דאָך קוים בעשרענקסטו איהר די שפּראַך,
דאַן קעמפּפט זי ווי אַ חיה.

די פרוי האָט ליעב אַ שעהנע העמד,
אַ קלייד, וואָס זאָל איהר שמ'ען,
נור אויב זי האָט צו קנאָפּ געדעדט,
וועט דאָס איהר אַלץ ניט נעהמען.

עס וויל די פרוי, די נייע,
ניט אַנדערש זיין אַ פרייע,
זי הויבט די גלייכהייט'ס פאָהן,
דאָך טראָגט די אַר'מע יענטע
אַ שמאָלע קלייד, אַ פענטע,
און קען קיין טרעט ניט טהאָן.

האַלט הייליג די ליעבע.

קוק מיט קדושה אין דער מינע
אויף דער ליעבע'ס וועלקע בלומען,
כאָטש זיי האָבען קיין פּאַרפומען,

כאָטש זיי האָבען מעהר קיין פאַרבען —
אָ, בעדויער זייער שטאַרבען
און בעגראָב זיי אין דיין תחינה!...

### ליעבע און הייראַטה.

אַך! די חופה איז די סיבה
זעהר אָפט, וואָס ענדיגט ליעבע,
זים נור זיינען יענע קושען,
וועלכע קלינגען פאַר די קדושין;
ס'לויכט דער קליינער ליעבעס לעמפעל,
וועלכער ברענט גאַר אָהן אַ שטעמפעל....
און ער לאָזט נאָך פריי ניט בליקען
אין די אויגען, וואָס דערקוויקען...

### ליעבע.

די ליעבע איז אָפט שטיין און ביין,
מען קען איהר האַרטקייט ניט פערשרייען,
עס פאָדערען זיך שטאַרקע צייהן
איהר איינצובייסען און צוקייען.

### ניט אימער.

ניט אימער איז הימליש די ליעבע.
גאַנץ אָפט איז זי ערדיש
און ניט זעלטען פערדיש.

## ליעבע און אונשטערבליכקייט.

### פון היינע.

די גרוב דערוואַרעמט אונזער רוהם.
אָ, שוטים־ווערטער! נאַרענטהום!
אַ סך אַ בעס'רע וואַרעמקייט גיעבט
אַ פּראָסטע קוה־מויד, ווען פערליעבט
מיט גראָבע, ג'זונדע ליפּען קיסט
אונז דריקענדיג צו איהרע בריסט
און ס'שמעקט דערצו נאָך אונטער מיסט.
אַ פיעל מאָל בעס'רע וואַרעמקייט אויך
דערפיהלען מיר ביי זיך אין בויך
נאָך גוטע משקה: ברענדי, פּונש,
צו וויסקי, לויט נאָך האַרצענס־וואונש,
געזופּט אין קרעטשמעס פול געשריי
פון גנבים און לומפּען אַלערליי,
אַנטלאָפ'נע פּשוט פון דער תליה
און לעבען, אָטהעמען מיט שתיה,
און זיינען מעהרער קנאה־ווערטה
פון גרעסטען מאַן, וואָס ליעגט אין דר'ערד.

### קערפּער און גייסט.

זאָג! דו גוואַלדיגער בעל שכל,
אין דער וויסענס־וועלט בערייזט —
וואָס איז דער געבענשטער שמייכעל
אויף דער ליעבסטער'ס שעהן געזיכט
זיסקייט פול און הימעלס־ליכט —
איז דאָס קערפּער אָדער גייסט?

וואָס איז יענער שטאַרקער צויבער,
וועלכער שוועבט אויף איהרע האָר,
ווי אַ חלום אויפ'ן וואָהר
און די זעעלע מיט זיך רייסט —
און דו פאַלגסט איהר נאָך אַ גלויבער
מיט געפיהלען ריין און זויבער —
זאָג מיר, זאָג, אויב דו ביזט דרייסט,
איז דאָס קערפּער אָדער גייסט?

## אַ שוטה.

עס וויל אַ מאַן אַ שוטה
אָפּט זעהן זיין ווייב אַ טויטע.
ער וויל אַ צווייטע נאַר.
דאָך, ווען ער האָט די צווייטע
מוז ער גאָר מאַכען פּליטה
און רייסען זיך די האָר.

## די „סחורה“.

דער קאָרסעט איז אַ טייער'ע זאַך,
וואָס קאָסט ניט זעלטען גאָר אַ סך.
ס'איז אָפּטמאָל ניט
דער גוטער שניט,
ניט בלויז די אַרבייט גלאַט און שעהן —
עס איז די „סחורה“ נור אַליין...

## זומער.

פרויען־מאָדעס זיינען זומער
זעהר אָפּט דעם מאַנסבילס קומער.

טול און שפּיצען, דינע שטאָפּען,
און זיי לאָזען דיר ניט שלאָפען.

### זומער־יאַקלעך.

די ווייסע יאַקלעך זיינען פּראַכט.
די מאָדע האָט געטראָפען —
זיי זיינען, דאַכט זיך, גוט פערמאַכט
און דאָך אין גאַנצען אָפען.

### די פרוי און די וועלט.

אַ ווייבעלע אין ווייסע שיך,
זי מעג אַליין זיין שווארץ —
געפינט שוין אוים אַ האַרץ,
געפינט אַ פרישען בעלן גיך,

אַ מאַנסביל מיינט, אַז ווייסע שיך
טראָגט קיינמאָל ניט אַ פרוי פאַר זיך.
אין פרויען־שיכלעך, קליין און ווייס,
זוכט רק דער עולם עפּעס נייס.

### זיי פערשטעהען דאָס.

אַך, די ליעבע און די קליידלעך,
זיי פערדרעהען אונז דעם קאָפּ.
דאָס פערשטעהען אַלע מיידלעך,
און דאָס ווייסען אַלע ווייבער,
און זיי פוצען זיי׳רע לייבער,
און זיי לאָזען אונז ניט אָפּ.

### אונטען און אויבען.

עס ווייזען די טיראַנען
דעם פאָלק אין דר'הויך מיט שפאָט:
„דאָרט איז אַ לוין פאַראַנען,
אַ הימעל און אַ גאָט."

זיי ווייזען רק דאָרט אויבען,
דאָרט שטעהט אַ גאָלד'נער טהראָן.
זיי הייסען עהרליך גלויבען
און אמת תשובה טהאָן.

דאָך זאָלען די מיליאָנען
נור אויפהויבען דעם קאָפּ,
דאַן קנאַלען די קאַנאָנען
און שיסען זיי אַראָב.

### זיי הייסען.

הייסען קיהל אונז זיין און גוט,
לעבען רוהיג, מיט בטחון,
זוען אין האַרץ דאָס רויטע בלוט,
אויפגעהיצט פון עולה'ס גלוט,
מוז פאַר כעס זיך ווילד צוקאָכען.
אַך! ווי קען מען בלייבען קיהל
ווען דאָס רשעות איז צופיעל?

### דער אַלטער קנעכט.

ווען נאָך אַלע טויזענד גוואַלדען
קריעגט דער אַלטער שקלאַף זיין רעכט,

ווייס ער דאָס ניט ווי צו האַלטען,
גיט דאָס פרעמדע צו פערוואַלטען,
און אַליין פערבלייבט ער קנעכט.

### אונזער צייט.

עלענדקייט, אַ, אונגליקס־קינד!
קראַנקע פרוכט פון אונזער צייט —
קיינער הערט ניט ווי דאָס שרייט,
הפקר־קולות אין דעם ווינד.

### וועה זיי!

וועה זיי, ווען דאָס פאָלק ווערט ניכטער,
ווען ער זעהט מיט קלאָהרען זין,
און ער הייבט זיך אויף אַלס ריכטער
און ער פסק'עט לויט דעם דין!...

### שותפים.

די רעגיערונג סטראַשעט רייכע,
אַז זי וועט זיי רייסען פאַסען,
דאָך זיי זיינען שותפים גלייכע
אין בעראַבעווען די מאַסען.

### „בע“—„מע“.

דאָס פאָלק איז שטיל, אַ לאָם,
עס פרעגט ניט אויף קיין טעם.
עס זאָגט צופריעדען „מע“,
זיין פיהרער ענטפערט „בע“...

### „אָלל־ראַיט“.

אַלץ איז פאַר'ן פּאָלק אַ תּירוץ
ווען ער ווערט בערויבט —
ער הערט אויס מיט דרך ארץ
און ס'איז כשר יעדער שרץ...
און ער שווייגט און גלויבט.

### „קעש“־מזומן.

דער יענקי קוקט נור אויף דער וועלט
ווי אויף אַ מאַרק צו מאַכען געלד.
ביי איהם איז קיין זאַך ניט קיין „יש“,
כל זמן עס ברענגט איהם ניט קיין „קעש“:

### זיי לאָזען זיך ניט.

יאַ, דאָס ווייסען חיות־היטער.
דאָס איז שוין אַן אַלטער רעגעל,
אַז די בעסטיעס קעמפפען ביטער,
ווען מען שניידט זיי אָב די נעגעל.
יאַ, מען האָט אַ סך צו ליידען,
דאָך די נעגעל מוז מען שניידען.
שניידען און קיין זאַך ניט הערען.
רייסענים מוז בטל ווערען...

### זיי בעצאָהלען.

די פעלקער נעהמען אויף באָרג.
ציים זאָגט: „זיי זאָלען“.
זי האָט מיט זיי קיין זאָרג,
זיי בעצאָהלען....

## ריהרט זיך.

וועןְ עס ריהרט זיך אין דער נידער,
שקלאַווען ווערען גוטע ברידער
און פערלאַנגען וואָס זיי קומט,
רעדט מען אין די הויכע ערטער
זעהר אומעטיגע ווערטער,
און די בייזע חוצפה שטומט.

## דאָס פאָלק אליין.

קיין עלעקטרישע מאַשינע
וועט די פרייהייט ניט בעלעבען.
דאָס קען טהאָן נור די מדינה,
נור דאָס פאָלק איז די ספרוזשינע
די בעוועגונג איהר צו געבען.

## הפקר.

הפקר איז דער אָרעמאַן,
שפּאָט זיין לעבען, ניט כדאי,
מעגסט איהם טויטען, דו ביזט פריי,
ס'איז פאַר איהם קיין רעכט פאַראַן.
ער איז ביליג אין פאַבריק,
ער איז ביליג אין דער גאַס ;
אַך ! ער איז דער מענש אָהן גליק,
אויסגעזעצט צו שפּאָט און האַס.
יעדער בייטש און יעדער רוט
מעג זיך באָדען אין זיין בלוט.

## טראַסטס.

אַלץ איז צו די טראַסטס אַריבער
באַהן און ריצענעהל, און טאַפּ.
איין טראַסט פיהרט אונז אַלע איבער,
און דער צווייטער פיהרט אונז אָב.

## דער ניצליכער.

קוים האָסטו אַ רוקען,
וואָס קען זיך בוקען,
וואָס לאָזט זיך ניצען
בעקוועם צו זיצען,
טאָ האָב קיין פּיין!
וועסט ניצליך זיין...

## חומר.

פיעלע מעלות ווערען דינער
ביי דעם גרויסען גליקס-געווינער.
דען עס גיט די „גראָבע קישקע"
פאַר דיין טוגענד דיר קיין שישקע.
איהר איז עדעלקייט קיין פּעולה,
אַבי שטאָפּ איהר אָן אַ פולע...

## יריד און שמיד.

ס'שרייט און טומעלט, אַ יריד!
צייהנער קריצען, הערצער זידען,
דאָך עס פעהלט דער רעכטער שמיד
די גנבים פעסט צו שמידען.

ס'קומט דאָס פאָלק נור אָב מיט רייד,
דער פערברעכער טראָגט קיין קייט.
פריי שפּאַצירט ער דורך דער גאַס,
לאַכט זיך אוים פון עולם'ס כעס.

פון אויבען־אויף.

„דערגרינדען" !... „זוכען" ! איז דער רוף,
מען זוכט ווי טיעף מען קען.
און וואָס עס ליעגט פון אויבען־אויף,
דאָס קען די וועלט ניט זעהן...

כלבים וואָס האַוקען נור.

ניט יעדער כלב, וועלכער בילט
איז אויך אימשטאַנד צו בייסען,
דען מאַנכער בייזער הונד נאָר גילט
די פּאָלעס אָבצורייסען.

אַזעלכער האַוקעט מיט אַ מייהן,
בלויז עקעל צו ערוועקען :
ער וויים, עס פעהלען איהם די צייהן,
דרום שרעקט ער פאַר קיין שטעקען.

קנאה.

עס קוקט דער שורקע ווי אַ חיה,
דערזעהענדיג אַ וועלט פעראיינט
ביי דעם בעריהמטען מאַן'ס לויה.
אוואו די גאַנצע מענשהייט וויינט.

ער ווייס, אַז ער פערבלייבט פערלאָרען
און ער פערקריצט פאַר כעס די צייהן.
ער שימפפט אויף דעם בעבלומטען ארון
און גיט אַ שפּיי און וואַרפט אַ שטיין.

א גענוגע שטראָף.

אַ פליעג איז אַ פּאַסקודנע זאַך,
זי איז גיפטיג, זי איז שמוציג,
זי איז יאָמערליך ניט נוציג,
נור דאָס, וואָס זי איז קליין און שוואַך,
וואָס זי לעבט דאָ נור אַ רגע,
איז די שטראָף פאַר דיעזע נגע.

וואויל און וועה.

וואויל דיר ווען דו טהוסט
הויך אַ פליה פון מענשענ'ס זשומען,
וועה דיר ווען דו מוזט
צוריק אַרונטערקומען....

דער פּיסטאָלעט.

עס האָט דער פיסטאָליעט
אַ מויל, נור וואָס ער רעדט
איז ניט די רעכטע שפּראַך.
ער טענה'ט רויך און בליי,
און לאָזט די ראַכע פריי

מיט אַ צוהיצטען קראַך.
עס קומט ניט פון זיין מויל
קיין אויסדרוק אָהן אַ גרויל.

## מען וועגט און מען וועגט ניט.

מען וועגט די שטערען, — צום לאַכען!
„מען וועגט זיי אַלע ריכטיג“.
יא, ריכטיג יענע זאַכען,
וואָס זיינען אונז ניט וויכטיג.

און זאַלץ, און מעהל, און פוטער,
דאָס דאַרף מען יעדען טאָג,
און ווייס דאָס דער ניט־גוטער,
מען נאַרט אונז אויפ'ן וואָג!

## זוכט אין וואַשינגטאָן.

אויב אין לאַנד איז עפּעס פויל,
און דער עולם פיהלט אַ גרויל,
דען זיין לעבען שטעהט אין קאָן,
גלייכהייט קרעכצט און פרייהייט הינקט, —
גיט אַ זוך אין וואַשינגטאָן!

## שפּאַס און ערנסט.

לאַבען איז אי גוט, אי שעהן,
דאָרטען, וואו מען דאַרף דעם שפּאַס.
אָפט איז אָבער גוט דער כעס
און דאָס קריצען מיט די צייהן...